I.

## די ווילדע מענשן און די שריפט-קונסט.

קאַלט און גלייכגילטיג קוקן מיר אויף די געגנשטאַנדן פון אונזער אַלטעגליכן לעבן, מיר באַטראַכטן זיי ווי עפּעס אַזוינס, וואָס איז „פון זיך אַליין פאַרשטענדלאַך“, וואָס קיינער האָט דאָ גאָרנישט געהאַט צו שאַפן, און דעם קאָפּ צו ברעכן.

פון קינדווייז אָן האָבן מיר זיך מיט די אַרומיגע זאַכן איינגעוועהנט, צונויפגעלעבט, אונזערע טאַטעס און זיידעס האָבן זיך נאָך מיט זיי באַנוצט און אונז דאַכט זיך אויס, אַז אויף דער וועלט זיינען זיי געקומען פּלוצים פון זיך אַליין, אויסגעוואַקסן, ווי שוועמלאַך נאָך אַ רעגן.

אין דער אמת'ן איז עס גאָר ניט אַזוי, אַ סך מיה איז אַוועקגעלעגט געוואָרן, איידער די זאַכן פון אונזער אַלטעגלאַכן לעבן זיינען אַנטשטאַנען, און האָבן באַקומען זייער היינטיגן אויס-זעהן. אפט פילן מיר גאָרניט, ס'אַראַ אַ לאַנגע געשיכטע עס האָט יעדער חפץ, מיט וועלכן מיר באַנוצן זיך, וואָס פאַר אַ לאַנגן יחוס-בריף זיי וואָלטן אונז געקאָנט אויסשטעלן. אמת, די אור-אבות, מיט וועלכע זיי האַלטן זיך גרויס, זיינען אָפטמאָל אַזוי ענלאַך צו די היינטיגע דורות, ווי אַ רויפּע צו דער באַבעלע, וואָס וועט פון איר אַמאָל אַרויספליהען. נאָר אָט טאַקע דערפאַר איז אינטערעסאַנט און באַלערנהאַפט צו באַקענען זיך מיט דער גאַנצער קייט אור-עלטערן פון די אַלטעגלאַכע חפצים.

מיר וועלן נעמען, למשל, די סאָכע. איר עלטער-זיידע איז געווען סך-הכל אַ פּראָסטער שטעקן מיט אַ סוק אויף דער שפּיץ. מיט אַ לאַנגן יחוס-צעטל וואָלט זיך אויך געקאָנט באַרימען אַן איינפאַך דאָרפיש הייזל: צווישן אים און אברהם אבינו'ס געצעלט איז אַ גוואַלדיג גרויסע נפקא-מינא.

זאָלן אונז די אַלע פאַרוואַנדלונגען צו קיין בייז וואונדער ניט זיין: „צייט און געדולד מאַכן פון דעם טוטן-בלאַט זייד“, זאָגט אַ אינדיש שפּריכוואָרט.

איך מיין, אַז איך וועל קיין טעות ניט האָבן, אויב כ'וועל זאָגן, אַז דער ברייטער עולם האַלט פאַר איינע פון די פּשוט'סטע זאַכן דעם אַלף-בית. און, באמת, וואָס קאָן זיין פּשוט'ער פון דעם, וואָס אפילו אַ קינד קאָן אויסלערנען אָן מיה! דער אָבער, וואָס דענקט אַזוי, פאַרגעסט, אַז אויסלערנען זיך עפּעס הייסט נאָך ניט אויסטראַכטן, אויפטאָן, און, ווי מיר וועלן ווייטער זעהען, האָט אפילו אַזאַ איינפאַכע זאַך, ווי דער אלף-בית, זעהר אַ לאַנגע און זעהר אַ קאָמפּליצירטע געשיכטע. אַ סך מענשן האָבן זיך געבראָכן די קעפּ, אויסגעפּרובט פיל פאַרשיידענע מיטלען איבערצוגעבן שריפטלאַך אונזער ריידן, ביז מ'האָט צוגעטראַכט די אותיות-שריפט. און דעם אלף-בית, וועלכן מיר האַלטן פאַר אַן איינפאַכע דערשיינונג, איז אין דער אמת'ן איינע פון די גרעסטע המצאות, וואָס זיינען ווען געקומען דעם מענשן אויפן זינען. ס'קאָן דערי-בער זיין, אַז דער ווילדער מענש, וועלכער באַטראַכט די קונסט פון לייענען און שרייבן, ווי אַ גרויסן וואונדער, שאַצט עס אָפּ בעסער פון אונז. לאָמיר פרובן אַ קוק טאָן אויפן אלף-בית מיט די אויגן פון דעם ווילדן.

אַז אַ ווילדער באַקומט אין האַנט אַ שטיקל פאַרשריבן פאַפּיר און ער זעהט באַשיינפּערלאַך ווי מיר נוצן אויס אין דער פּראַקטיק די קונסט פון לייענען און שרייבן, פרעגט ער זיך אַליין אַ קשיה: ווי קאָן מען מיט דער הילף פון אַ לאַנגער שורה פּאַסיקלאַך און העקעלאַך, וואָס זיינען גאָרנישט ענלאַך צו די אַרומיגע זאַכן זאָגן עפּעס דוקא וועגן די זאַכן?! „אַזאַ וואונדער" קאָן דער ווילדער בשום אופן ניט פאַרשטעהן און איז קאַפּאַבל באַטראַכטן די שריפט, ווי אַ לעבעדיגע באַשעפעניש.

די אייראָפּעאישע רייזנדער ברענגען וועגן דעם פיל אינ-טערעסאַנטע דערציילונגען. אָט וואָס מ'דערצעהלט וועגן איינעם אַן ענגלענדער מ ע ר י נ ע ר.

ס'איז געשעהן אויף איינעם פון די אינזלען „פריינטשאַפט". זעהר ניט אויף אַ „פריינטלאַכן" אופן האָבן די ווילדע איינגעבוי-רענע פון דעם אינזל געפאַנגען מעריינערן. איין מאָל האָט ער זיך דערוואוסט, אַז צום ברעג פון אינזל איז צוגעשטאַנען אַן ענגלישע שיף. ער האָט צום קאַפּיטאַן פון שיף אָנגעשריבן אַ בריף מיט אַ בקשה אויסלעזן אים פון די אינזל-אייבוואוינער. דער בריף איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דעם קיסר פון די אינזלען פ י נ אַ ו.

— וואָס באַטייט דאָס? — האָט געפרעגט פינאו.

— דאָס איז אַ אָנגעשריבן בריף.

— אויף וואָס טויג עס, צו וואָס נוצט עס?

— דאָס איז אַ מיטל איבערצוגעבן געדאַנקען, ידיעות אויף דעם ווייטסטן מהלך. דאָס, וואָס דער ענגלענדער וויל זאָגן, שרייבט ער אָן און עס קאָן נאָכדעם איבערגעגעבן ווערן וואוהין ער וויל. עס פאַרבלייבט אויף לדורות. דער מענש וועט שטאַרבן, אָבער זיינע פאַרשריבענע געדאַנקען וועלן לייענען די לעבעדיגע קו-מענדיגע מענשן און וועלן וויסן, וואָס ער האָט אַמאָל געטראַכט און געוואָלט.

דער קיסר האָט ניט געגלויבט. ס'האָט ביי אים אויסגעוויזן ווי אַ כישוף, אַ וואונדער. ער האָט געהייסן ברייגנען דעם גע-פאַנגענעם און געפאָדערט ער זאָל „אים" אָנשרייבן, ער זאָל, הייסט עס, אָנשרייבן אויפן פאַפיר זיין נאָמען. מערינער האָט עס. געטאָן. דער קיסר האָט געהייסן אים אָפפירן אָן אַ זייט און אַריינפירן נאָך אַ געפאַנגענעם.

— „וואָס איז דאָ אויפן פאַפיר"? — האָט ער אים געפרעגט יענער האָט איבערגעלייענט: „פינאו". אַ איבערראַשטער האָט פינאו אַרויסגעריסן דעם פאַפיר פון זיינע הענט, האָט עס מיט גרויס חשד באַטראַכט, אָנגעהויבן דרעהען און קניימשן און מיט גרויס אויפגערעגטקייט אויסגעשריען: „דאָס איז דאָך אַ האָר אפילו ניט ענלאַך צו מיר! וואו זיינען מיינע אויגן? וואו איז דען מיין קאָפּ? וואו זיינען דאָ מיינע פיס? פון וואַנען ווייסטו, אַז דאָס בין איך"?

כדי צו באַווייזן דייטלאַכער, מיט וואָס באַוואונדערט אונזער שריפט-קונסט דעם ווילדן, וועל איך ברייגנען נאָך אייניגע כאַ-ראַקטעריסטישע דערציילונגען, פון קריסטלאַכע מיסיאָנערן, וואָס האָבן געלעבט צווישן די ווילדע.

איינער פון זיי, דזשאָן וויליאם, וועלכער איז געווען אַ מיסיאָנער אויף די אינזלען פונם דרום-אָקעאַן, האָט זיך איין מאָל ביי זיין אַרבעט דערמאָנט, אַז ער האָט איבערגעלאָזט אין דער-היים עפּעס אַ בוי-געצייג. אויף אַ שפּענדל האָט ער אָנגעשריבן אַ בקשה מ'זאָל אים צושיקן דאָס נויטיגע געצייג און האָט דעם „האָלץ-צעטל" אַוועקגעשיקט מיט איינעם פון די הערשער פון אינזל צו זיין ווייב. דער שליח האָט אויסגעפילט זיין שליחות און איז איבערראַשט געוואָרן, וואָס דאָס שפּענדל קאָן רעדן, ניט „האָבנדיג קיין מויל." אַ לאַנגע צייט נאָכדעם האָט ער גע-טראָגן דאָס שפּענדל אויפן האַלז און האָט דערציילט זיינע פאַר-וואונדערטע לאַנדס-לייט וועגן דעם וואונדער, וואָס ער אַליין מיט זיינע אויגן האָט געזעהן.

אן אנדער מיסיאָנער האָט געשיקט מיט א נעגר עטלאכע בריוועלאך זיינעם א חבר. דערביי האָט ער אויך צוגעגעבן א צעטל, אין וועלכן ס'איז געווען פארשריבן די צאָל פון די בריוועלאך. דער נעגר האָט זיך אויפן וועג אויסגעהונגערט און האָט פארביסן מיט א פאָר בריוועלאך. ווי גרויס איז געווען די פארוואונדערונג פון דעם נעגר, ווען דער, וואס האָט באקומען די בריוועלאך, האָט, נאָר א קוק געבנדיג אין צעטל, באלד אויסגעזאָגט אים זיין חטא. אַז דער זעלבער נעגר האָט געהאט א צווייטן מאָל די זעלבע שליחות, און דער יצר-הרע האָט איבערוויטער געשטופט צום גע-שמאק-שמעקעדיגן בריוו, האָט ער דעם מסור, דעם צעטל, בא-האלטן אונטער א שטיין, ער זאָל ניט זעהן, ווי ער עסט, און זאָל אים נאָכדעם חס וחלילה ניט ארויסגעבן.

ס'איז קיין שום וואונדער ניט, וואָס די נאאיווע ווילדע מענשן באטראַכטן אונזער שריפט, ווי א מעכטיגע צויבער-קונסט. סטייטש, א פאפירל איז בכח „זעהן אָן אויגן", „רעדן אָן א מויל" און, ניט האָבנדיג קיין הענט, קיין פיס, קיין קאָפּ, איז עס דאָך „ענלאַך צו אַ מענשן". די מכשפים און די כהנים פון די ווילדע שרייבן אויף ברעטלאַך פארשיידענע השבעות און תפלות, שווייב-קען זיי אראָפּ מיט וואסער און גיבן דערנאָך קראנקע טרינקען דאָס וואסער, וועלכע איז נאָך זייער מיינונג א וואונדערלאכער היילונג-מיטל; די קאפיטלאך פון קאָראַן (א הייליג בוך ביי די מחמד'אנער), אָנגעשריבן אויף אראביש אויף א שטיקל האָלץ, האלטן זיי פאר א קמיע, וועלכע היט אָפּ און באשיצט דעם, וואָס האָט זי, פון אלע צרות און אומגליקן.

אָט דער דאָזיגער עבודה-זרה'דיגער גלויבן אין דער צויבער-מאכט פון דעם געשריבענעם וואָרט איז פארבליבן אויך ביי די ציוויליזירטע פעלקער. אין גרויס רוסלאנד צייכענען אָן די זנאַ-כערקעס אויף א לעקאַך געהיימניספולע ווערטער און גיבן דעם לעקאך די קראַנקע עסן: ס'איז ביי זיי אַ רפואה פון עין-הרע. ביי אונז יידן גלויבט מען אין דער ווירקונג פון א אָנגעשריבענער מזוזה. דאָרט וואו זי איז פאראן, האָבן די מזיקים קיין שליטה ניט, ביי א קינפּעטאָרן הענגט מען אויף שיר-המעלות'ן, פסוקים, געשריבענע הין און צוריק, כדי די „ניט גוטע" זאָלן קיין צו-טריט ניט האָבן צו דער קינפּעטאָרן.

---

## II.

# ווי פאַרהיטן מענשן וויסנשאַפט, לעגענדעס, ניט באַנוצנדיג זיך מיט שריפט.

דער מלך פינאו, מיט וועמען מיר האבן זיך פריהער באַקענט, האט, נאכדעם, אַז מ׳האט אים געגעבן צו דערקלערן, אין וואס עס באַשטעהט די קונסט פון שרייבן, אַרויסגעזאגט זיין מיינונג, אַז זיינע לייט און אונטערטאַנער, דאַרפן אייגענטלאַך ניט האבן אַזעלכע קונצן.

אין דער אמת׳ן איז דער אלף-בית-שריפט אַן איבעריגער לוקסוס פאַר די ניט אַנטוויקלטע און ווילדע פעלקער. די שריפט-קונסט ווערט ערשט דאַן אַ נויטיגע זאַך, ווען מענשן פון פאַרשיי-דענע לענדער באַגעגענען זיך איינע מיט די אַנדערע, קומען אין אפטע באַרירונג; אויך דאַן, ווען ס׳זאַמלן זיך אָן אַזוי פיל ידיעות און קענטעניש, אַז איינהאַלטן עס אין זכרון איז שוין אוממעגלאַך. דאַן, ווען פון די פילע פאַרבאַנדן מענשן וואַקסט זיך פאַנאַנדער אַ מלוכה מיט אַן אַלגעמיינער רעגירונג, וואס קאָן זיך בשום אופן ניט באַגעהן אָן שריפטלאַכע באַפעלן, באַריכטן און א. וו.

לכתחילה פלעגן אַלע מעשות וועגן דעם, וואס אַמאל איז פארגעקומען, אויך לעבן-דערפאַרונג, חכמה, דורות-ווייז אנגעקלי-בענע, איבערגעגעבן ווערן פון מויל צו מויל, פון פאטער צום זון, פון זון צום אייניקל, און אַזוי פלעגט דאס אַריבערגעהן פון דור צו דור. ביי די אור-אַלטע העברעער פלעגן זיך טראגן פון דור צו דור מעשות און לעגענדעס וועגן אברהם, יצחק, יעקב, יציאת מצרים און אַ סך אַנדערע, וועלכע האבן זיך אויף אַזאַ אופן פאַרהיט און אנגעזאַמלט, ביז מ׳האט עס פאַרשריבן און פאַרהיט ס׳זאל ניט געהן לאיבוד. מיט 2000 יאר צוריק, בעת די יידן זיינען נאך געווען אין פאַלעסטינע, בעת ביי זיי זיינען געווען אַקאַדעמיעס, וואו מ׳האט געלערנט פאַר-שיידענע געזעצן, פלעגט דארט דער לערנען פארקומען אין שמועסן אויף אויסוועניג. די געלערנטע האבן די גאַנצע מאַסע געזעצן גע-דענקט אויף אויסוועניג און פלעגן עס איבער׳געבן זייערע תלמידים. דאס אַלץ, וואס מ׳האט געלערנט אויף אויסוועניג האט זיך גערופן „תורה שבעל-פה" (די תורה אויף אויסוועניג). נאך עד-היום האט די מסורה אַנ׳ארט אין לעבן ביים פשוטן המון אין די אייראפייאישע לענדער. די מסורה האט איינגעהאַלטן פאַרשיידענע איינגלויבונגען, סימנים און לעגענדעס נאך פון יענע צייטן, ווען זיי זיינען געווען געצנדינער.

בעלנים אויף הערן מעשיות און לעגענדעס וועגן אַלטע צייטן וועגן נסים און באַרימטע גיבורים האט קיין מאל ניט געפעלט. ניט יעדער אבער האט זיי געקאנט דערצעהלן, ווי עס דאַרף צו זיין, נאכן געהעריגן סדר מיט אַ זינען און מיט אַ שכל. און אט דעריבער האבן זיך נאך פון אוראַלטע צייטן אן מיט דעם פאַרנומען הויך־באַגאַבטע מענשן, דערצעהלער־זינגער. אין די דערפער, אויף די מערק און יארידן פלעגן אַרומגעהן אט די זינגער און אומעטום פלעגט מען זיך קלייבן אַרום זיי הערן וועגן אַמאליגע מענשן און מעשים; גאַנץ אפט אויך וועגן דעם, וואס איז געשעהען אין די היינטיגע צייטן.

אין פאלינעזיע פלעגן אַזוינע משוררים גאַנצע נעכט אפזיצן און זינגען, — אַזוי פיל לידער האבן זיי געהאַט און אַזוי שטאַרק איז ביי זיי געווען דער זכרון. אין די סטעפעס פון מאנגאליען, אויף די טיבעטער בערג געהען אַרום די זינגער פון דארף צו דארף, פון איין ישוב צו דעם צווייטן און, שפילנדיג אויף די סטרונעס פון זייער „דאמבורע", באַזינגען זיי אין זייערע לידער די מעכטיגע גבורים פון דער אַלטערטום, די וואונדערלאַכע געשעהענישן פון אַמאליגע צייטן, באַזונדערס די מלחמות און די נצחונות פון די שרעקלאַכע מאנגאלישע הערשער טשינגיסכאן און טאַמערלאן. אַזאַ משורר באַגעגנט מען אומעטום מיט גרויס כבוד. אויפמערקזאַם, אנגע־שטרענגט, מיט אַ פאַרכאַפּטן אטעם הערט מען אים און אַלץ, וואס ער דערצעהלט, ווערט פון אַלעמען איבערגעלעבט. אט דערצעהלט ער עפּעס טרויעריגעס און אַלע אַרום זיפצן, באַלד פרעהט מען זיך, און אט הויבט מען דאס געוועהר אין דער הויך, ווי מע וואלט זיך פאַרמעסטן אימיצן שלאגן.

אַזוינע פאלק־משוררים זיינען אויך דא ביי פאַרשיידענע פעל־קער אין אַפריקע און אין אַמעריקע. גאַנץ אפט קאן מען זיי אויך הערן אין אוקראינע. אין אוקראינע הייסן זיי „קאבזאַרן" אדער באַנדוריסטן—בלינדע ארימע־לייט, וואס באַזינגען אין זייערע לידער די קאַזאַצקע צייטן. נאך היינט קאן מען זעהען, וואס פאַר אַ גרויסן ווערט זיי האבן ביים פאלק. פון דארף צו דארף געהען זיי אַרום מיט זייערע פירער, אומעטום איז דער קאבזאַר אַן אנגענומענער גאַסט, וואוהין ער קומט קלייבן זיך אַרום אים פיל מענשן, יונג און אַלט. אַלעמען ווילט זיך הערן דאס ליד פון אַמאליגע צייטן. אויף זיין „קאבזע" (אַ מין מוזיקאַלער אינסטרומענט) שפילט ער און זינגט זיך זיין ליד. ער זינגט וועגן דער געפענגניש ביי די טאטערן, ביי די טערקן, ער זינגט וועגן די מורא'דיגע ליידן ביי די פרעמדע אין

גלות... אומעטיג הילכט די אַלטע שטים פונם זינגער, יאמערנדיג זיפצן זיינע סטרונעס.

אַרום און אַרום שטעהען זיינע צוהערער מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, גלייך, ווי צו זיי וואלטן זיך דערטראגן די זיפצן פון זייערע אבות און זיי קאנען זיי מיט גארנישט העלפן...

געענדיגט האט דער קאָבזאר זיין ליד. אויפן האַרצן איז ביי אַלעמען אַ מרה-שחורה, אַנ׳אומעט, נאר אט האט ער ווייטער אנגעהויבן זינגען, איצט שוין גאר אויף אַנ׳אַנדער אופן: ער זינגט וועגן די ברייטע פרייע סטעפּעס, ווי איבער זיי האט זיך פאַרשפּרייט די קאזאַצקע פרייע מאַכט, ער זינגט וועגן זייער גבורה, זייער גוואַלדיגער מאַכט, אַלץ הילכיגער קלינגען אָפּ די סטרונעס, אַלץ שטאַרקער ווערט די שטים פון דעם אַלטן זינגער, גלייך ווי די יוגנט וואלט זיך אים צוריקגעקערט. עס הויבן זיך אויף די אַראָפּגעלאָזענע קעפּ פון די צוהערער, עס גלייכן זיך אויס די איינגעבויגענע רוקנס פון די אַלטע קאזאַקן, ביי די יונגע אבער בלישצען די אויגן — זיי האָבן דערפילט, אַז אין זייערע אדערן פלייצט די אַלטע קאזאַצקע בלוט פון די אורעלטערן.

אין דעם אַלטן גריכנלאַנד פלעגן באַגאַבטע זינגער, באַגלייט פון אַ לירע, זינגען וועגן די העלדן פונם ווייטן עבר, וועלכע האָבן חן געהאַט אין די אויגן פון די געטער. איינער פון אט די גריכישע זינגער, וועלכער האט קונציג פאַראייניגט אין איין גאַנצע ווערק פאַרשיידענע פאלק-מעשות, איז דערגאַנגען ביז אונזערע דורות אינאיינעם מיט זיינע לידער „איליאדע” און „אדיסייע”. ביי די אַלטע סקאַנדינאַווער פלעגן פאלק-משוררים באַגלייטן די באַוואוסטע העלדן ביי יעדער וויכטיגער אונטערנעמונג, כדי דערנאך צו באַזינגען זייערע העלדן-מעשים אין פערזן און איבערלאזן עס פאַר די קומענדיגע דורות לזכר. „וואַנדערנדיגע משוררים” פלעגן אַמאל אין דייטשלאַנד באַזוכן די יום-טובים און מאלצייטן פון די ריטער און פלעגן באַגייסטערט באַזינגען די גבורים פון אַמאל, זייער מאַכט און מוט. גאַנץ אפט פלעגט דער משורר אין פּרעכטיג באַפּוצטן שלאָס פון דעם ריטער, אנשטאט צו זינגען לויב די אַמאליגע גבורים, אַרויסזאגן די געסט דעם ביטערן אמת, אויפוואַרפן אין זיינע לידער אַלע זייערע חטאים, זייער אכזריות, פון וועלכע עס ליידט דאס אונטערגעדריקט פאלק.

אויך פינלאַנד האט אין אַמאליגע צייטן געזעהען ביי זיך פאלק-משוררים: די נאַציאנאַלע פּאעמע פון די פינלענדער, וועלכע האַלט 22,800 פערזן איז פאַרשריבן ערשט ניט לאַנג, מיט נײַנציג יאר צוריק (אין 1828); ביז יענער צייט פלעגן זי זינגען וואַנדערדיגע

משוררים אויסוועניג מיט דער באַגלייטונג פון אַ מוזיקאַלן אינסטרו־מענט „קאנטעלע“. אויך די רוסישע לידער, „די בילינעס“, פלעגן פאַרשפרייטן באַזונדערע „דערצעהלער“ („סקאַזיטעלי“).

ביי די יידן אין די אוראַלטע צייטן פלעגן וויכטיגע געשעהע־נישן, מלחמות־גבורות, באַזינגען די מענשן, וועלכע זיינען באַוואוסט אַלס נביאים. נביא הייסט אַ רעדנער. דער נביא פלעגט רעדן מיטן פאלק, מוסרן אים, אבער מער פון אַלץ דערצעהלן, ווי יהוה זיין גאט האט אים געפירט דורך מדבריות, ווי ער האט פרעה׳ן אין ים אַריינגעוואָרפן, ווי ער האט געזיגט עוג מלך הבשן און א. וו. וועגן דבורה הנביאה ווערט געזאגט, אַז זי האט געזונגען. איר ליד האט אַן אינווייניגסטן ריטם, איז מוזיקאַליש און דערצעהלט אונז וועגן גבורה און נצחונות, וועגן קאַמף פון פאלק, וועגן די וואונדערלאַכע הילף, וואס דאס פאלק האט באַקומען פון אַ פרוי יעל און וועגן דער מפלה, וואס ס׳האט געהאַט דער שונא.

אין יענע אַלטע צייטן פלעגט מען אויף די נביאים קוקן, ווי אויף געטלאַכע מענשן און די נביאים אַליין פלעגן זיך באַטראַכטן, ווי שלוחים פון יהוה.

פון דאס אַלץ, וואס מיר האבן דא גערעדט, זעהען מיר אַלזא, אַז נאָך איידער זיי האבן אנגעהויבן לייענען און שרייבן האבן זיך שוין מענשן שטאַרק צוגעהערט צו די לעבעדיגע ביכער, צו די באַגייסטערטע משוררים־דערצעהלער.

---

## III

## די ערשטע פּראָבע אַיינהאַלטן און פאַרהיטן דעם געדאַנק. דער געגנשטאַנד־שריפט.

שוין לאַנג האָבן מענשן באַמערקט, אַז דאָס, וואָס ס׳ווערט איבערגעגעבען אויסוועניג, איז ניט ריכטיג, ניט פינקטלאך. דאָס לעבען שטעהט דאָך ניט אויף איין אָרט, אַלץ ענדערט זיך, אַנטוויקלט זיך; נייע געשעהענישן קומען אָן; נייע זאָרגן, נייע דאַגות, צווינגען דעם מענשן טראַכטן מער וועגן דער איצטיגקייט, ווי וועגן דער פאַרגאַנגענהייט. ס׳איז קיין וואונדער ניט, וואָס די זכרונות פון אַ מאָל ווערן טונקל און בלאַס. דאָס האָט געבראַכט דעם מענשן דערצו, ער זאָל פאַרבינדן זיינע געדאַנקען מיט וואָסערע ניט איז געגנשטאַנדן פון דער נאַטור, וועלכע זאָלן צוציהען שטענדיג זיין אויפמערקזאַמקייט און יעדעס מאָל העלפן אויפשטעלן אין זיין זכרון די געשעהענישן מיט אַלע זייערע פּרטים. אַזאַ

געגנשטאַנד-שריפט באַגעגענען מיר ביי פיל פעלקער. די אַסעטינער אויף קאַווקאַז האַלטן אין די בתי-מקדשים קעפּ, הער-נער און ציינער פון געשאָכטענע בהמות, אַלטע קליידער, געווער און אַנדערע געגנשטאַנדן, צעלעגן זיי אין אַ באַוואוסטן סדר און דערמיט אַליין צייכענען זיי זיך אָן וויכטיגע היסטאָרישע געשע-העניש. אַז ס'קומט אַ יום-טוב באַווייזט מען דעם פאָלק די אייגנ-אַרטיגע היסטאָרישע כראָניקעס און מ'גיט וועגן זיי דערקלערונגען.

די בני ישראל האָבן באַנוצט שטיינער, כּדי אַרויסצורופן זכרונות וועגן די וויכטיגע געשעהענישן, וועלכע זיינען מיט זיי געשעהן. בשעת זיי זיינען אַריבער דעם ירדן, האָט יהושע בן נון גענומען 12 שטיינער, אַוועקגעשטעלט זיי אין גלגל און געזאָגט צו די בני-ישראל: אַז קינדער וועלן אין די קומענדיגע צייטן פרעגן זייערע פאָטערס: וואָס באַטייטן די שטיינער? זאָלט איר זיי זאָגן: ישראל איז אַריבער דעם דאָזיגן ירדן אין דער טריקעניש.

דער געגענשטאַנד-שריפט דינט אָבער אַמאָל אויך צו אַנדערע צילן. מיט זיין הילף וואָרענען מענשן איינע די אַנדערע פון אַן אומגליק, אָדער זיי ווייזן אָן אויף עפּעס, „פיילן, וועלכע זיינען אויפגעהאַנגען אויף בוימער אויף אַ געוויסן אופן, רעדן מיט אַ שפּראַך, וועלכע ס'פאַרשטעהט גוט יעדער יעגער", אַזוי זאָגט אַ רייזענדער וועגן די טונגוסן: באַטראַכטנדיג די פיילן, געפינט ער דעם וועג אין דער טייגע, זיי ווייזן אים אויף וואוהין און ווער איז דורכגעגאַנגען און א. וו. ביי די סאַמאָיעדן איז אַ מנהג אַריינ-שטעלן אין שניי אַ שטעקן אויף דעם אָרט, וואו זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן, זיי בויגן אים אָן אין דער ריכטונג, וואוהין זיי זיינען געגאַנגען. עס קומט אויפן געדאַנק די מעשה פון תּנ"ך וועגן יונתנ'ן און דוד'ן. יונתן ווייזט אָן מיט פיילן דוד'ן, אַז שאול זיין שונא טראַכט שלעכטס וועגן אים און, אַז ער מוז אַנטלויפן פון זיין היים.

די ווילדע שרייבן זיך אַפילו דורך צווישן זיך מיט דער הילף פון פאַסיגע געגענשטאַנדן. איין מאָל האָט אַ נעגער פון שבט יאָרוב באַקומען אַ בריף פון נאָך אַ נעגער. דער בריף איז באַשטאַנען פון אַזויגע מינים געגענשטאַנדן: אַ שטיין, אַ שטיק קוילן, פעפער, אַן אָפּגעבראָטענער קאָרן און אַ שמאַטע. דאָס אַלץ איז געווען צונויפגעבונדן אינאיינעם און האָט באַטייט: „כ'בין פעסט און שטאַרק, ווי אַ שטיין, נאר מיין לאַגע זעהט מיר אויס חשך ווי אַ שטיין-קויל, כ'שרעק מיך און מיין גוף ברענט ווי אַ פעפער, מ'וואָלט אויף אים געקאָנט אָפּבראָטן אַ קאָרן, מיינע מלבושים

זיינען הוילע שמאַטעס. ס'ווייזט אויס דער נעגער האט געבעטן הילף און שטיצע.

גאַנץ דייטלאַך איז די שפּראַך פון דעם אינדיאַנער, ווען ער דערקלערט אַ מלחמה: ער דריקט עס אויס מיט אַ האַק אָדער מיט אַ פייל, וועלכע איז רויט געפאַרבט.

אַז מיר וועלן זיך צוקוקן צו אונזער לעבן, וועלן מיר אייך איצט באַמערקן שפּורן פון דעם געגענשטאַנד-שריפט: דער וועכטער אויפן אייזן-באַן, שטעלט אַרויס אַ רויטע פאָן, דער, וואס שטעהט אויפן וואַך-טורם פון די פייער-לעשער, רעדט מיט קוילן, בשעת אַ שרפה, אויף אַ שיף סיגנאַליזירט מען מיט פייער.

אייניגע פעלקער האָט זיך אַיינגעגעבן אויסצובעסערן דעם געגנשטאַנד-שריפט. די שבטים פון די אינדיאַנער אין צפון-אַמע-ריקע פלעגן, אין דעם צופאַל, ווען ביי זיי פלעגט פאָרקומען אַ אָפּמאַך צווישן זיך, באַנוצן זיך מיט וואַמפּונעס, אַזעלכע גאַרטלען געמאַכטע פון שנירלאַך, אויף וועלכע עס זיינען געווען אָנגעהאַנ-גען פאַרשיידענע געפאַרבטע מעער-קעפעלאַך. די גרויס פון די מעער-קעפלאַך, זייער פאָרם און קאָליר, אויך דער אופן, ווי אַזוי די שנירלאַך זיינען געווען קאָמבינירט — דאס אַלץ האָט געהאַט אַ געוויסע באַדייטונג. די אינדיאַנישע שלוחים, בעת זיי פלעגן


דער גאַרטל-שריפט פון די אינדיאַנער.

האַלטן זייערע רעדעס, פלעגן מאַכן אויפמערקזאַם די צוהערער אויף דעם, ווי אַזוי ס'זיינען אָנגעצויגן די מעער-קעפלאַך אויף די גאַרטלען, וואס איז געווען פאַרבונדן מיטן אינהאַלט פון זייערע רעדעס..

די ווערטער און די מעער-קעפעלאַך האָבן זיך צונויפגע-גאָסן אין דער פאָרשטעלונג פון די צוהערער אינאייינעם.

אויב דער פאָרשלאַג פון דעם שליח איז אָנגענומען געוואָרן, פלעגט דער גאַרטל פארבלייבן, אלס אַן עדות ביי דעם אָנפירער פון דעם שבט. און ווי גרויס די צאָל פון די גאַרטלאַך איז ניט

געוועזן, האָט דאָך דער אָנפירער גוט געדיינקט ווער האָט וועלכן געבראַכט און וואָס ער האָט דערביי געזאָגט. אין באַוואוסטע פעריאָדן פלעגט דער אָנפירער צונויפקלייבן די יונגע מענטשן פון זיין שבט און דערקלערן דעם טייטש פון די סמנים, זיי זאָלן עס אַלץ געדענקען. מ׳דערצעהלט, אַז פילע פלעגן קאָנען אָנווייזן פונקטלאַך, וואָס פאַר אַ שנירל עס אַנטשפּרעכט דעם אדער יענעם אָרט אין אַ באַשטימטער רעדע, אָט אַזוי, ווי מיר קאָנען אָנווייזן אויף וועלכן זייט איז אָפּגעדרוקט אין בוך די אָדער יענע שטעלע, דער אָדער יענער געדאַנק...

די גאַרטלען פלעגן, הייסט דאָס, פאַרנעמען ביי די אינדיאַנער דאָס זעלבע אָרט, וואָס באַ אונז די געשריבענע דאָקומענטן.

די אַלטע פּערואַנער האָבן ביי זיך אויסגעאַרבעט גאָר אַן אַנדער שטייגער פון פאַרצייכנונגען מיט דער הילף פון קניפּלאַך אויף שנירלאַך. זייער געזעלשאַפטליך לעבן האָט געפאָדערט אַ פונקטלאַכע, „בוך־פירונג." די הויפּט באַשעפטיגונג פון די פּערואַנער איז געווען ערד־אַרבעט. די פעלדער זייערע זיינען געווען איינגעטיילט אין דריי טיילן. אַ טייל האָט געהערט צו די גייסטלאַכע, אַ טייל צו דעם מיליטער־קלאַס און נאָך אַ טייל פלעגט אויף גלייכע חלקים צעטיילט ווערן צווישן די אַרבעטער. אַלע יאָר פלעגט דער דאָזיגער לעצטער טייל ערד איבערגעטיילט ווערן לויט די באַדערפעניש פון דער משפחה, לויט דעם צאָל און עלטער פון אירע מיטגלידער. די רעגירונג פלעגט אַכטונג געבן אויף אַלץ און פלעגט באַזאָרגן די באַפעלקערונג מיט חיונה־מיטלען. און צוליב דער באַקוועמליכקייט פונם רעגירן, האָט מען די באַפעלקערונג איינגעטיילט אין נידריגערע און העכערע גרופּעס, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון 10, 100, 1000, 10,000 משפחות, דאָס אַלץ האָט געפאָדערט אַ פונקטלאַכן רעכענונג. מ׳האָט געדאַרפט וויסן דעם באַשטאַנד פון יעדער פאַמיליע, די באַפעלקערונג פון יעדער קאַנט, דאָס גרעסטעניש פון יעדן פעלד און אַזוי ווייטער. כדי צו פאַרצייכענען די דאָזיגע ידיעות האָבן זיך די פּערואַנער באַנוצט מיט דער „קיפו"־פאַרצייכנונג, וואָס איז באַשטאַנען פון קאָלירטע שטריקלאַך מיט קניפּלאַך. אַן איינפאַכער קניפּל האָט באַטייט 10. אַ צווייענדיגער — 100, אַ דרייענדיגער — 1000 און אַזוי ווייטער; צוויי פּראָסטע קניפּלאַך — 20, צוויי צווייענדיגע קניפּלאַך — 200 און אַז. וו. די באַפאַרבונג פון די שטריקלאַך האָט אָנגעוויזן אויף דעם געגנשטאַנד, וועלכע מ׳האָט געדאַרפט צעהלן. רויט געפאַרבט האָט באַטייט — סאָלדאַטן, געל — גאָלד, גרין — תבואה, אַ גרויסע באַטייטונג האָט אויך געהאַט דער

גערוים צווישן דעם קניפל און צווישן דעם רינג, אויף וועלכן עס זיינען געווען אָנגעטאָן די קניפלאַך.

נאָר ניט צוליב חשבון אַליין האָבן די אַלטע פערואַנער גענוצט דעם „קיפו". מיט דער הילף פונם „קיפו" פלעגט מען אויך פאַרצייכענען די וויכטיגסטע מלוכה-געשעהענישן, ווי אַרויס-געבן באַפעלן און דערקלערן נייע געזעצן. געניטע אין הלכות „קיפו" געלערנטע פלעגן דערקלערן די באַטייטונג פון די קניפ-לאַך און שנירלאַך. פאַר אונז אייראָפעער איז דער קניפל-שריפט אַ פאַר'חתמ'עט בוך; ביז אַהער האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבן אונזערע געלערנטע אויסצופאָרשן די קיפו-שריפט.



די אַלטע פערואַנער „קיפו".

ביי פילע פעלקער באַגעגענען מיר אין דער אָדער יענער פאָרם די שטריקלאַך-סמנים. די אוראַלטע כינעזער, ווי עס דער-צעהלט אַ לעגענדע, האבן זיך באַנוצט מיט די שטריקלאַך-סמנים נאָך מיט טויזנטער יאָר צוריק, הן, בשעת זיי פלעגן פירן אַ חשבון, הן אויך, ווען זיי פלעגן פאַרעפנטליכן געזעצן און אַרויסגעבן רעליגיעזע חוקים. אויף די פאַלועזער אינזלען שרייבט מען זיך

אַפילו דורך מיט דער הילף פון שטריקלאַך און קניפּלאַך. איינמאָל האָט זיך אַ באַרימטער פאַלוּעזער אַוועקגעלאָזן פאָרן קיין אייראָפּע. אויפן וועג האָט ער אַלץ געבונדן שטריקלאַך און געמאַכט קניפּלאַך. דאָס האָט ער פאַרצייכנט אין זיין טאָג-בוך דאָס מערקווירדיגע, וואָס ער האָט באַגעגנט אויף זיין רייזע. נאָך גיך האָט ער אָבער געמוזט זיין אַרבעט וואַרפן: ס'איז אים אויסגעקומען צו מאַכן אַזוי פיל קניפּלאַך, אַז פאַנאַנדערקלייבן זיך אין זיי איז שוין געווען אוממעגלאַך.

ס'טרעפט אַמאָל, אַז מיר אייראָפּייער מאַכן אויך אַ קניפּעלע אויפן נאָז-טיכל, ווּעלכער האָט קיין שום זינען פאַר אַ זייטיגן מענשן און זאָגט עפּעס דעם, וואָס האָט געמאַכט דעם קניפּל. אויך דאַן, ווען מיר ווילן, אַז אין אונזער מח, אין האַרצן, זאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן דער זכר וועגן אַ נאָהענטן מענשן אָדער אַ וויכטיגע געשעעניש שטעלן מיר אויף אַ דיינקמאָל. אָבער אויסער אַזוינע צופאַלן איז דער געגנשטאַנד-שריפט אומגעלומפּערט, זעהר ניט פּונקטלאַך, און געבילדעטע פעלקער האָט ער ניט געקאָנט צופרידן שטעלן. מיט אַזאַ סאָרט פאַרצייכנונג קאָן מען נאָר אַרויפפירן אויף אַ געדאַנק, דערמאָנען אָן עפּעס, אָבער איבערגעבן קלאָרע און ריכטיגע ידיעות איז אוממעגלאַך. די גרויסע באַטייטונג און מוראָ'דיגע ווערט פון אונזער שריפט-קונסט באַשטעהט אין דעם, וואס מיט איר הילף קאָנען מיר באַקומען קלאָרע און פּונקטלאַכע ידיעות וועגן אַלץ, וואָס ביז אַהער האָבן מיר גאָרניט געוואוסט.

מיט דער געשיכטע פון אונזער שריפט-קונסט ווּעלן מיר זיך איצט פאַרנעמען.

---

## IV

## דער ערשטער טראָט צו דער דערפינדונג פון דעם אלף-בית. די בילדער-שריפט ביי די ווילדע אין דרום-אַמעריקע.

אלע קינדער האָבן זעהר ליב מאָלן און צייכן; ווי נאָר אַ קינד באַקומט אַ בלייער מאָלט ער פאַרשיידענע דריידלאַך, שטריכעלאַך, בילדלאַך, פאַרשמירט אָן רחמנות אלץ, וואָס ער זעהט פאַר די אויגן: ווענט, טירן, פאַרקאַנעס.

דעם זעלבן חשק צו מאָלן האבן אויך ווילדע מענשן. ס'טרעפט אָפט, אַז די פעלזן זיינען אויף צענדליגער מיילן באַדעקט מיט

אויסגעהאַקטע און אויסגעמאָלטע שטריכן. די דאָזיגע שטריכן וועלן ביי אונז קיין שום פאָרשטעלונג ניט אַרויסרופן, אָבער פאַר דעם ווילדן מענשן, וואָס האָט זיי געמאַכט, האָבן זיי אַ געוויסע באַדייטונג, ווייל זיי דערמאָנען אים אָן פאַרשיידענע זאַכן! אמת, עס טרעפט, אַז צווישן די געמעלן דערקענען מיר די אָדער יענע חיה, אָפטמאָל אַ מענשן-געשטאַלט, נאָר אָפטער פון אַלץ זיינען די צייכנונגען אַזוי ענלאַך צו דעם, וואָס דער ווילדער האָט גע-וואָלט אויסמאָלן, ווי ס'איז ענלאַך ביי קינדער אַ שטעקל און אַ בענקל צו אַ פערד, בעת זיי שפּילן אין פערדלאַך.

די דאָזיגע ערשטע פּראָבעס פון דעם מענשן צו לערנען זיך די מאָלעריי-קונסט באַגעגענען מיר אין פאַרשיידענע לענדער. צו זיי געהערט אויך אַ גרויסער טייל פון די באַרימטע „סיני-אויפשריפטן", וועלכע באַדעקן אויף אַ מהלך פון עטלאַכע וויאָרסט די פעלזן און די שפּועים פון „וואדי מאקאטעבאַ". די אויפשריפטן באַשטעהען פון פאַרשיידענע שטריכעלאַך, פון גראָבע געמעלן פון חיות און פון פאַרשיידענע סימנים. אומזיסט האָבן זיך פיל גע-לערנטע מענשן געמאַטערט איבערלייענען די דאָזיגע אויפשריפטן, דאָס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן. סוף-כל-סוף איז ביי זיי גע-בליבן, אַז די אָנצייכנונגען האָבן אין זיך קיין שום כוונה ניט, און, אַז געמאָלט האָט מען זיי גלאַט אַזוי זיך, כדי צו פאַרברענ-גען מיט עפּעס די פרייע צייט.

אַזוינע געמעלן באַגעגנט מען אויף די פעלזן אין שוועדן; זיי זיינען לויט דער מיינונג פון די געלערנטע געמאַכט נאָך מיט 3000 יאָר צוריק. אין זיי קאָן מען אַמאָל באַמערקן, אמת, מיט גרויס מיה, געשטאַלטן פון חיות, מענשן, געווער, שיפלאַך מיט שווימער אויף אָן שווימער און א. וו.

בשעת דער ווילדער האָט געמאַכט אַזוינע צייכנונגען האָט ער אין זינען געהאַט נאָר צו פאַרוויילן זיך. דאָס איז קענטיג פון דעם, וואָס די צייכנונגען געהען איינע נאָך די אַנדערע אָן קיין שום סדר, אָן קיין שום צוזאַמענבונד. נאָר אַ דאַנק די דאָזיגע פּראָבעס צו מאָלן האָט זיך ביים ווילדן אַנטוויקלט דער קינסט-לערישער חוש צו באַמערקן און איבערצוגעבן דעם תוך און דאָס כאַראַקטעריסטישע פון יענע געגנשטאַנדן, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרעסערע ראָליע אין זיין לעבן, און ער פלעגט זיי דעריבער שטענדיג קאָנען באַטראַכטן. אַזוי זיינען צו אונז דערגאַנגען ווערק פון ביין און פון האָרן, וועלכע ס'האָט געשאַפן דער ביז-היסטאָ-רישער מענש, און וועלכע באַוואונדערן אונז מיט זייער ריכטיגקייט און מיט זייער איידעלער אַרבייט, ניט קוקנדיג אויף דעם, וואָס

דער ביז-היסטאָרישער מענש האָט נאָך ניט געוואוסט, ווי צו באַנוצן זיך מיט מעטאַלן, ווי צו פאַרהויזן חיות און צו פלאַנצן געוויקסן.

ביי פיל פון די היינטיגע ווילדע פעלקער זיינען די קינסט-לערישע פעהיגקייטן אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט, אַז זיי רופן אַרויס גרויסע התפעלות מצד די אייראָפּעער. אַז אייניגע אַיינגעבוירענע פון דער פראַנצויזישער גוויאַנע באַקומען דעם ערשטן מאָל אַ בלייפעדער, מאָלן זיי לייכט מענשן, הינט, טיגערן, בכלל חיות און אפילו די שדים פון זייער לאַנד, אין וועלכע זיי גלויבן. דער לאָפּאַר איז, ווי כמעט אַלע צפון'דיגע שבטים, אַ קינסטלער אַ צייכנער: אויף האָלץ-קאָרע אָדער אויף לעדער מאָלט ער אויס שנעל אַ צורה מיט אַלע אירע כאַראַקטעריסטישע שטריכן, דערביי מאָלט ער איבערהויפּט דאָס, וואָס ער באַגעגנט אין זיין אַלטעג-לאַכן לעבן: יאַגד, פיש-פאַנגען, דאָס פאָרן אויף אַ שליטן, מענשן ביי פאַרשיידענע באַשעפטיגונגען.

ווען דער ווילדער לערנט זיך אויס מאָלן מיט שטריכן די אַרומיגע זאַכן, נוצט ער אויס זיין נייע קענטעניס ניט נאָר צו באַפּוצן פאַרשיידענע זאַכן, נאָר אויך צו באַלעבן און צו באַרייכערן זיין אָרימע שפּראַך. אַז ער קערט זיך אום פון אַ רייזע אָדער פון דער יאַגד, אויף וועלכע ער האָט באַגעגנט אַ שרעקלאַכע חיה, אָדער אַ מענשן פון דעם פיינטלאַכן שטאַם, און וויל מאַכן אויף אַנדערע דעם זעלבן שטאַרקן איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט אויף אים, כאַפּט ער, בעת ער דערצעהלט, אַ שטיקל קרייט, קויל, פאַרב, און מאָלט אָן אויף אַ דערביי־איגן אויבן-אויף דעם געגנ-שטאַנד, וועגן וועלכן ער דערצעהלט. אויף אַזאַ אופן האָט דער געמעל אָנגעהויבן ממלא זיין די שפּראַך פון דעם ווילדן. פון דאַנען איז שוין געווען איין טריט אײַנגאַנצן צו פאַרבייטן דאָס וואָרט אויף אַ געמעל, דאָס הייסט לעגן אַ יסוד פאַר דער בילדער-שריפט.

די בילדער-שריפט איז פאַרשפּרייט צווישן די אינדיאַנישע פעלקער אין צפון-אמעריקע. דורך דער בילדער-שריפט פלעגן זיי פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די פיינטלאַכע שבטים, יעדער צד פלעגט אויפהענגען אויף אַ בוים אַ קאָרע מיט בילדער, אויף וועלכע ס'זיינען געווען אויסגעמאָלט די תנאים פון שלום.

אין 1849 יאר זיינען געקומען עטלאַכע אינדיאַנער צום פּרע-זידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטן אין אַמעריקע מיט אַ בקשה. איינער פון זיי האט זיך געווענדט מיט פאלגענדע ווערטער: „פריינט פון ווייסע און פון רויטע! צו דיר זיינען געקומען 7 שבטים. מיר אַלע זיינען געקומען זאגן דיר, אַז מען לאזט אונז ניט כאַפּן קיין

פיש אין די אזערעס פון אונזער געגנט". דער פרעזידענט האט זיך געוואונדערט, וואס ער זעהט נאר צוויי מענשן פאַר זיך. „וואו זיינען די איבריגע?" — דער אינדיאַנער האט אַרויסגעשלעפט פון אונטער זיין קלייד אַ מגילה, אַ אנגעשריבענע אויף אַ קארע, האט זי דער־לאַנגט דעם פרעזידענט און געזאגט: „אַלע זיינען מיר דא". דער פרעזידענט האט פאַנאַנדערגעוויקלט די מגילה; אויף איר זיינען גע־ווען אויסגעמאלט משונה'דיגע בילדלאַך, געשטאַלטן פון חיות, מענשן און פייגלאַך. ער האט צוגערופן דעם איבערזעצער, וועלכער האט געוואוסט די מנהגים און דאס לעבן פון די אינדיאַנער, און אין איינעם האבן זיי פאַנאַנדערגעקליבן די משונה'דיגע בקשה.

אויף דער בקשה זיינען געווען אויסגעמאלט די 7 שבטים, וואס האבן געשיקט זייערע פארשטעהער צום פרעזידענט. די שבטים



די בקשה פון די אינדיאַנער.

ביי די אינדיאַנער האבן זיך אנגערופן מיט די נעמען פון חיות און פייגלאַך. דער ערשטער שבט האט געהייסן: „לאַרכן־שבט" און די אינדיאַנער האבן אויסגעמאלט אַ לאַרך. דריי שבטים האבן געהערט צו די „מארדער־שבטים" און זיי האבן אויף דער בקשה אויסגע־מאלט דריי חיה'לאַך ענלאַכע צו מארדערס. די איבריגע דריי האבן געהערט צום „בערן־שבט", „רויטן־מענשן־שבט" און „וואלפיש־שבט"— דאס איז אויך געווען איבערגעגעבן אין געהעריגע בילדלאַך און, כדי צו זאגן, אַז זיי זיינען געקומען בעטן, האבן זיי די אַלע בילד־לאַך געמאלט איינגעבויגענע; אויסער דעם האבן זיי די אויגן און די הערצער פון אַלע שבטים פאַראייניגט דורך אַ ליניע מיט די אויגן און מיטן האַרצן פונם לאַרך (פון לאַרך האט געשטאַמט דער אנפי־רער פון די שבטים) דאס האט באַטייט, אַז אַלע זיבן שבטים האבן די זעלבע געפילן און איין און די זעלבע זאַך וועט זיי אַלעמען

צופרידן שטעלן. אונטן איז אויסגעמאלט אַן אזערע, וועלכע איז פאַראייניגט מיט די אויגן פונם הויפּט-אנפירער, דאס האט אנגעוויזן אויף דער גויט, וועלכע האט זיי געצוואונגען צו ווענדן זיך צום פּרעזידענט.

און ניט נאר אין אַזויגע צופאַלן האבן זיך די אינדיאַנער באַנוצט מיט דער בילדער-שריפט. אויך אין פיל אַנדערע צופאַלן פלעגן זיי אנקומען צו דער הילף פון דער בילדער-שריפט. כדי איבערצולאזן אַ זכר ביי די קומענדיגע דורות פלעגן זיי אויף די קברים פון די באַרימטע מיטגלידער פון זייער שבט אויפשטעלן מצבות, אויף וועלכע זיי פלעגן אויסמאלן זייערע העלדישע טהאַטן און מעשים טובים.

מיט דער הילף פון דער בילדער-שריפט פלעגן זיי אויך פאַרצייכענען די וויכטיגסטע געשעהענישן, וועלכע זיינען פארגעקומען אינם לעבן פון זייער שבט. אין דער צייט פון זייער וואַנדערן פלעגן זיי איבערלאזן אויף די ערטער, וואו זיי פלעגן זיך אפּשטעלן, לאַנגע אויפשריפטן, אויף וועלכע ס'איז געווען אויסגעמאלט וואס פאַר אַ שבט איז דורכגעגאַנגען, וויפיל טעג האט ער זיך פאַרהאַלטן אין וועג, וואס פאַר אַ צופאַלן ער האט געהאַט אין וועג און וואוהין ער געהט ווייטער. לויט די עדות פון פאַרשיידענע רייזנדער פלעגן די אינדיאַנער פירן אויף אַזאַ אופן גאַנצע כראַניקעס. אין איינער פון די דאזיגע כראַניקעס איז דאס יאר, ווען אייראָפּעער זיינען אנגעקומען אין אַמעריקע, געווען פאַרצייכנט, אַלס אַ שוואַן, וואס פון שנאבל זעצט ביי אים אַרויס אַ פייער און אַ רויך; די ווייסע פעדערן פון דעם פויגל, וועלכער וואוינט אין וואַסער, האט באַטייט די ווייסע פּנים'ער פון די אייראָפּעער, וועלכע זיינען געקומען צו פארן מיטן ים; דער פייער און דער רויך — דאס פייער-געווער פון די אייראָפּעער. קאָנען מיר דען, באַטראַכטנדיג אט דאס געמעל, זאגן אַז דער אינדיאַנער היסטאָריקער פאַרמאגט ווייניג המצאה-קראַפט?

מיר זעהען, אַלזא, ווי ברייט דער מענש האט אויסגענוצט די בילדער-שריפט. זי איז ניט אין אן ערך אויסדרוקפולער פון דעם געגנשטאַנד-שריפט און לייכטער צום באַנוצן זיך.

פאַר אונז האט זי אַ באַזונדער באַדייטונג, ווייל די בילדער-שריפט האט געפירט דירעקט צו אַ פאלקאמענערן מיטל קלאר און דייטלאַך אויסצודריקן אונזערע געדאַנקען: פון דער בילדער-שריפט איז דאך דער מענש אַריבער צו דער קלאַנגען-סיסטעם.

ווי אַזוי מ'איז צו דעם דערגאַנגען וועלן מיר זעהן ווייטער.

V

# די בילדער-שריפט ביי די מצריים. די היעראָ-גליפן-סיסטעם.

מער ווי מיט 4 טויזנד יאָר פאַר דער אָנגענומענער צייט-רעכענונג, ווען אייראָפּע איז נאָך געווען פאַרוואַקסן מיט געדיכטע וועלדער און באַדעקט מיט זומפּן, ווען די מענשן אין אייראָפּע זיינען געגליכן געווען צו חיות, האָט זיך אין אַפריקע, אין דעם פרוכטבאַרן טייל פון נילוס, אויסגעבילדעט אַ מעכטיגע און אַ רייכע מלוכה, די מלוכה פון די אור-אַלטע מצריים. דאָרט האָבן זיך מענשן צום ערשטן מאָל אויסגעלערנט באַהערשן די נאַטור. דעם גרויסן טייך נילוס האָבן זיי פאָלקאָם אויסגעניצט צוליב זייערע לעבנס-באַדערפניסן. זיין וואַסער האָבן זיי אין דער צייט פון זיין פאַרפלייצונג אָפּגעפירט אין קינצלאַכע קאַנאַלען און באַטייבען. ווילדע, וויסטע געגנדן האָבן זיי דורכאויס פאַרוואַנדלט אין פעלדער און אין גערטנער. פון שטיינערנע מאַסיוון אין אַ פאָרם האָבן זיי אויסגעהאַקט גרויסאַרטיגע דענקמעלער, טעמפּלען און פּאַלאַצן אויף פעלזן האָבן זיי שריפטן אויסגעשניטן און שטומע שטיינער באַרעדעוודיג געמאַכט. באַטראַכטנדיג דעם גאַנג פון די שטערן אין הימל, האָבן זיי זיך אויסגעלערנט פאַרשטעהן די אייביגע געזעצן פון דער נאַטור. זיי האָבן אויך געשאַפן אומגעהייער גרויסע שטעט, אין וועלכע דאָס גאַנצע לעבן פון דעם מענשן איז געגאַנגען גאָר אַנדערש, ווי אין דער ווילדער נאַטור אַרום. אין די שטעט האָבן זיך ווייט און ברייט אַנטוויקלט מלאָכה און קונסט.

אַנדערע פעלקער פון דער אַלטער צייט זיינען געווען תלמידים ביי די מצריים און האָבן זיך ביי זיי פיל אויסגעלערנט. ייִדן, (כנענים) פיניקעער און גריכן האָבן ביי זיי פיל זאַכן איבערגענומען און האָבן עס אַליין אויך אויסגעבעסערט און פאַרפאָלקאָמט. אויך די שריפט-קונסט האָט מען איבערגענומען ביי די מצריים.

לאַנגע צייטן זיינען די אוראַלטע מצרישע אויפשריפטן געווען אַזוי ניט פאַרשטענדלאַך, ווי די פּערואַנישע „קיפּו“. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אז אינאיינעם מיט די מצריים איז אויך פאַרלאָרן געגאַנגען דער שליסל צו זייער שריפט-קונסט. אָבער אין 1828 יאָר האָט איינעם אַ פאַרנצויזישן געלערנטן שאַמפּיליאָן געלונגען צו אַנטפּלעקן דעם סוד פון די אויפשריפטן, וואָס באַדעקן טויזנטערווייז די ווענט פון די מצבות, זאַלן, טעמפּלען און גראַניט-שטיינער אויף די נילוס-ברעגן. פאַנאַנדערקלייבנדיג

זיך אין די אויפשריפטן, זיינען די געלערנטע געקומען צום באַשלוס, אַז פון די אויפשריפטן נעמען זיך אַלע אייראָפּייאישע אַלף-בית׳ן.

לאָמיר זיך נעהענטער באַקענען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מיצרישער שריפט.

אויף דער אַנטוויקלונג פון דער שריפט-קונסט האָבן אין אַ געוויסער מאָס געווירקט די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען און באַגריפן פון די מצריים. די מצריים האבן געגלויבט אַז „יענע וועלט" איז דער המשך פון דער וועלט. דער אונטערשייד פון „עולם-הבא" און „עולם הזה" איז נאָר דאָס, וואָס „דאָרט" לעבט מען אייביג אָן דאגה און צער. דער מצרי האָט דעריבער געזאָרגט, אַז דער „בית-עולם" (דאָס אייביג הויז; קאָן זיין פון דאַנען נעמט זיך ביי אונז די ווערטער „בית-עולם", („בית-עלמין") זאָל זיין גוט איינגעאָרדנט און מיט אַלץ באַזאָרגט. מ׳דאַרף דאָך דאָרט אייביג זיין און מ׳מוז דעריבער דאַגה׳ן, אַז דער מענש, וואָס קומט אָן אַהין, זאָל זיין באַזאָרגט מיט אַלץ, וואס אַ מענש האָט דאָ אויף דער וועלט.

אין די גאָר אַלטע צייטן פלעגט מען אינאיינעם מיטן געשטאָרבענעם אַוועקשיקן אויף דער אייביגער וועלט אויך די נאָהענטע פון זיין פאַמיליע. מ׳פלעגט זיי הרג׳ענען און באַגראָבן אינאיינעם מיט אים. שפּעטער האָט מען איינגעפונען, אַז ס׳איז גענוג עפּעס אויסצומאָלן אויף די ווענט פונם געשטאָרבענעמס קבר, כדי ער זאָל זיך קאָנען מיט דעם שאַפן און באַנוצן. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך די, ווענט פון די מצבות באַדעקט מיט געמעלן, אויף וועלכע ס׳זיינען געווען אויסגעמאָלט די זאַכן און די מענשן, וועלכע ער האָט געזעהען ביי זיך, בעת ער האָט געלעבט: זיינע קרובים, דינער און דינסטן, הויז-חיות און א. וו. אויב ער איז געווען אַ בעל-מלאָכה, האָט מען געמאָלט דאָס, וואָס ס׳איז שייך געווען צו זיין מלאָכה, אויב אַ באַאַמטער — אַלץ וואָס ס׳געפינט זיך אין דער סביבה פון אַ קאַנצעלאַריע. די פּרעה׳ס פלעגן נאָך ביים לעבן בויען קאָלאָסאַלע בנינים-קברים. אויף אָט די בנינים האָבן שווער געאַרבעט הונדערטער טויזענדער אַרבעטער אין אַ משך פון צענדליגער יאָרן נאָכאַנאַנד. די בנינים האָבן געהאַט די פאָרם פון אַ פּיראַמידע און זיי רופן זיך דעריבער „פּיראַמידן". אויף די ווענט פון די פּיראַמידן האָט מען געמאָלט די מלחמות, וואָס די פּרעה׳ס האָבן געפירט, די געשעהענישן, וואָס זיינען שייך צו זייער אַלטעגלאַך לעבן, אויך די געוואוינהייטן, מנהגים און די באַשעפטיגונגען פון פּרעה׳ס אונטערטאַנער.

אַדאַנק אָט די בילדער, האָבן מיר אַ ריכטיגע פאָרשטעלונג פונם לעבן פון די מצריים, און פון זייער טעטיגקייט. ווי עס ווייזט אויס פון די בילדער, האָט „דאָס רוב פאָלק געליטן אונטערן יאָך פון שווערע אַרבעט. די אויסגעמאָלטע פיגורן אויף די מצבות באַווייזן, ווי גרויסע מאסן מענשן זיינען איינגעשפּאַנט און פירן אַריבער שטיינערנע מאַסיוון, אויף שטיינערנע סקולפּטור-בילדער. איבער זייער קאָפּ איז אויפגעהויבן די האַנט פון דעם אויפזעהער, וועלכער קאַרגט ניט קיין שמיץ פאַר די אומגליקלאַכע“. — ס׳דערמאָנט אונז די מעשיות פון חומש וועגן יציאת-מצרים. מיר זעהן דאָ אויך ווי מענשן און אָקסן באַאַרבעטן די ערד, ווי זיי צעקלאַפּן די ערד אויף שטיקלאַך. אָט אַקערט מען מיט סאָכעס, מע שניידט ברויט; אָט קלייבט מען לאָטאָס, מע נעמט אַראָפּ ווינטרויבן און מע קוועטשט זיי אויס און א. וו. דאָ קאָן מען זעהען ביי דער אַרבעט דעם סקולפּטאָר, שטיין-ברעכער, טישלער, טעפּער, וועבער, שמידן און אויך אַנדערע בעל-מלאָכות. אין לעבהאַפטיגע בילדער איז אונז פאָרגעשטעלט דאָס גאַנצע שטובּיג׳ לעבן פון די מצריים: אַ גאַנצע רייהע בילדער מאָלן אונז קאָ-


אין אַלטן מצרים. מע נעמט אַראָפּ ווייִץ פון די פעלדער. אויבן אַ היעראָגליפישעס אויפשריפט.

כער, בשעת זיי גרייטן מאַכלים, דינער און דינסטן און רייכע הייזער, מאָלצייטן און לוסטיגע פאַרוויילונגען.

דאָך האָבן זיך די מצריים ניט באַנוגנט מיטן מ אָ ל ן ב י ל ד ע ר פון זייער לעבן, זיי האָבן געמאַכט אַ גרויסן שריט ווייטער.

פון אויבן איבער די בילדער און די צייכנונגען באַמערקן מיר נאָך גאַנץ אַנדערע בילדלאַך. אויף די דאָזיגע בילדלאַך זיינען אייך אויסגעמאָלט פאַרשיידענע זאַכן פון דער אַרומיגער סביבה: געוויקסן, חיות, מענשן, געווער, כלי-בית און אַזוי ווייטער — ס׳איז אָבער גענוג אַ קוק צוטאָן אויף זיי, כדי אנצושטייסן זיך, אַז ס׳איז ניט קיין פשוט׳ע בילדלאַך, נאָר תנאַי-סמנים. אָט די אויפשריפטן האָט מען אָנגערופן מיט אַ גריכשן נאָמען: „היעראָגליפן“. אויף אונזער שפּראַך הייסט עס *הייליגע, אין שטיינער אויסגעהאַקטע בילדער.*

אין אָנהויב האָבן זיך די מצריים, ווי עס ווייזט אויס. באַפרידיגט מיט דעם, וואָס זיי פלעגן דורך פשוט׳ע בילדער איבערגעבן זייערע מחשבות, אַזוי ווי עס טוען היינטיגע אינדיאַנער.

ניט אַלץ אָבער וועגן וואָס מע האָט געטראַכט און גערעדט האָט מען געקאָנט איבערגעבן דורך בילדער. ס׳איז לייכט געווען מאָלן אַ מענשן, ווי ער שטעהט ביי זיין אַרבעט, ווי ער עסט, ווי ער שלאָגט זיך אויפן שלאַכט-פעלד. דאָרט אָבער, וואו מ׳האָט געדאַרפט איבערגעבן דעם מענשנס אייגענשאַפטן, זיינע מדות, מעלות און חסרונות — דאָרט איז די קונסט פון דעם מאָלער געווען הילפלאָז. כדי פאָרצושטעלן אַזוינע אַבסטראַקטע געפילן, ווי שכל, גוטס, שלעכטס, האָט מען געמוזט געהן מיט זייטיגע וועגן, באַנוצן זיך מיט אַלעגאָריעס.

אין דער אמת׳ן אָבער איז אַפילו אונזער היינטיגע שפּראַך אויך פול מיט אַלעגאָריעס. מיר באַנוצן זיך מיט זיי, ווען מיר ווילן לעבעדיג מאָלן אַבסטראַקטע באַגריפן. אויף אַ שלעכטן מענשן זאָגן מיר: ביי אים איז „אַ שטיינערנע האַרץ“, אויף אַ גוטן „אַ גאָלדענער כאַראַקטער“. מיט אַזוינע אַלעגאָרישע בילדער זיינען רייך אַלע שפּראַכן. באַ די מצריים, וועלכע האָבן זיך זעהר פיל באַנוצט מיטן שרייבן, האָבן די בילדער מיט אַלעגאָרישן אינהאַלט ג׳יך אַרויסגעשטופּט די איינפאַכע צייכנונגען.

דרייערליי צייכנונגען האָבן זיי געהאַט: אַזוינע, וואו אָבשטאַט דעם גאַנצן בילד האָבן זיי געמאָלט דעם וויכטיגסטן טייל פון דעם געגנשטאַנד. אַזוי, למשל, האָבן זיי אַנשטאָט דעם בילד „אָקס“ געמאָלט זיין קאָפּ. כדי איבערצוגעבן דעם באַגריף „שלאַכט“ האָבן זיי געמאָלט: צוויי הענט, אַ שפּיז און אַ פּאַנצער. מ׳האָט געמאָלט פאַרקירצט, פשוט, כדיי צו פאַרשפּאָרן אַרבעט דעם מאָלער. צווייטנס, כדי איבערצוגעבן דאָס אַבסטראַקטע, האָבן זיי זיך ממציא געווען מאָלן דעם געגענשטאַנד, וואָס האָט אַ שייכות צו דעם אַבסטראַקטן, אַזוי, למשל, האָבן זיי דעם באַגריף „חדש“

איבערגעגעבן דורך דעם בילד „לבנה“, טעג — דורך דעם בילד „זון“, „זעהען“ דורך דעם בילד „צוויי אויגן“. דריטנס פלעגן זיי אַבסטראַקטע באַגריפן איבערגעבן דורך בילדלאַך פון געגענשטאַנדן, וועלכע מוזן לויט זייערע אייגנשאַפטן אַרויסרופן פאָרשטעלונגען וועגן דעם נויטיגן באַגריף. אַזוי האָט דאָס בילד פון דער בינען-קיניגן באַטייט די מאָנאַרכישע הערשאַפט.

אַז די מצרים האָבן צוגעטראַכט באַשטימטע צייכנונגען פאַר פאַרשיידענע זאַכן און באַגריפן, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן האַלטן שטענדיג ביי די צייכנס און האָבן אויף אַזאַ אופן אײַנגע-פירט באַ זיך אַ גאַנצע רייהע תּנאַי-סמנים. און פונקט אַזוי, ווי מיר האָבן אין אונזער אַלף-בית פאַר יעדער קלאַנג אַ באַזונדער אות, אַזוי האָבן די מצריים געהאַט פאַר יעדן באַגריף אַ באַזונדער בילד.

אַלעגאָרישע שריפטן    רעבוס-שריפטן    קלאַנגען-שריפטן



מוסטערן פון מצרישן שריפט:

קלאַנגען-שריפטן: 1 — „מ“, 2 — „ט“, 3 — „ר“, 4 — „כ“, 5 — „פ“.

רעבוס-שריפטן: 1. אַ האַק-„נוסערע“ (אויך „גאָטהייט“), 2. אַ הויף=דעם טראַף „פ—ר“, 3. אַ דרייעק=דעם טראַף „ס—פ—ט“, אויך דאָס וואָרט „גרייטן“, 4. אַ האָז=דעם טראַף „וו—נ“.

אַלעגאָרישע שריפטן: 1 צוויי פיס=„געהן“ 2. אַ איביס, וואָס פיקעט מיטן שנאָבל=„געפינען“ 3. אַ ליליע=דרום, 4. אַ בין און אַ וואַזע=„האָניג“.

דאָך האָבן זיך די מצריים אויף דעם ניט אָפּגעשטעלט און האָבן די שריפט-קונסט אַנטוויקלט ווייטער. אינאיינעם מיטן באַקאַנטן „אַלף-בית פון באַגריפן“ געפינען מיר ביי זיי אויך דעם אָנפאַנג פון דעם קלאַנגען-שריפט, וועלכער עקזיסטירט איצט ביי די ציווי-ליזירטע פעלקער. אָנגעהויבן האָבן זיי מיט דעם, וואָס ס׳טוען קינדער, בשעת זיי שפילן אין רעבוסן. אין אַ רעבוס צעטיילט מען אַ וואָרט אויף חלקים, יעדער טייל פון וואָרט האָט אַ באַזונדער

באַדייטונג. די טיילן ווערטער מאָלט מען מיט בילדער. אַזוי, למשל, ווערט דאָס וואָרט „טישטוך" צעטיילט און אויסגעמאָלט אין צוויי בילדער: „טיש" און „טוך". די בילדער, אַלזאָ, גיבן ניט איבער דעם באַגריף פונ׳ם גאַנצן וואָרט, נאָר די איינציקע קלאַנ־גען, פון וועלכע דאָס וואָרט באַשטעהט. אָט אַזוינע רעבוסן שטעלן מיט זיך פאָר גאַנץ אָפט די מיצרישע היעראָגליפן. די מצריים האָבן דערגרייכט אַפילו צו אַזאַ מין אויסבעסערונג: ביים לייענען היעראָגליפן פלעגן זיי אַרויסזאָגן נאָר דעם ערשטן קלאַנג פון דעם בילדל־וואָרט, די איבעריגע קלאַנגען האָבן זיי אָפּגעוואָרפן: אַזוי, למשל, האָט דאָס בילד פון אַ סאָווע, וועלכע מ׳האָט אויף מצריש־לשון גערופן „מולאָדזש", פאָרגעשטעלט דעם ערשטן קלאַנג פון דעם וואָרט, דעם „מ"; „לאַבאָי"—אַ לייב, האָט מען געלייענט: „ל" און א. וו. פון עטלאַכע אַזוינע געמעלן האָבן די מצריים צונויפגעשטעלט גאַנצע ווערטער.

אַזוינע געמעלן, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט קלאַנגען, זיינען געווען 23. נאָר אַזויווי אויף מצריש האָט איין שרש געקאָנט האָבן פאַרשיידענע טייטשן, האָט מען צו די בילדער־קלאַנגען צו־געגעבן באַשטימונג־סמנים, וואָס פלעגן באַשטעטיגן און דערקלערן דאָס אויסגעמאָלטע וואָרט.

מיר האָבן באַטראַכט דעם מהות פון די מצרישע היעראָג־ליפן. מיר האָבן געזעהען ווי אין זיי פלעכט זיך צונויף דער איינפאַכער געמעל און דאָס אַלעגארישע בילד מיטן טראָף־און קלאַנגען־שריפט. אַפילו אין די אויפשריפטן פון די אוראַלטע צייטן געפינען מיר שוין אָט די אַלע דריי אופנים פון שרייבן, אָדער ריכטיגער געזאָגט: „פון מאָלן", ווייל די היעראָגליפן האָט מען געמאָלט זעהר פונקטלאַך.

אַזאַ מין שרייבן האָט אָבער פאַרשאַפט צופיל הכבדה און באַזונדער ניט באַקוועמם איז ער געווען דאַן, ווען ס׳איז אויסגע־קומען צונויפשטעלן געשעפט־פאַפירן. דעריבער האט מען נאָך אין די אוראַלטע צייטן זיך באַנוצט מיט די היעראָגליפן מער ניט ווי אין באַזונדערע, פייערליכע מאָמענטן, למשל, ביי די אויפשריפטן אויף די טעמפּלען, אויף מצבות און אַזוי ווייטער. ס׳איז געוואָרן אַ מין „הייליגע" „יום־טוב׳דיגע" שריפט. ביים צונויפשטעלן געשעפט־פאַפירן האָבן די מצרישע שרייבער פאַראיינפאַכט די בילדער, געמאַכט זיי בקיצור און געמאָלט זיי מיט עטלאַכע פלינקע צוקן פון פען. (די פען האָבן די מצריים געמאַכט פון גראָז־ראָרן).

די מצרישע שרייבער האָבן אָבער פאַרקירצט נאָר די פאָרם. דער תוך איז געבליבן דער זעלבער, וואָס פריהער. ווי פריהער

האָט מען מיט סימנים-פאַרצייכנט סיי גאַנצע ווערטער, סיי טראָפּן, סיי קלאַנגען.

אָט אַזוי האָט זיך די שריפט-קונסט אַנטוויקלט באַ די מצריים נאָך מיט 5000 יאָר צוריק. דערנאָך אָבער זיינען די מצריים פאַרגליווערט געוואָרן און האָבן אָנגעהויבן אַלץ בלינד נאָכמאַכן זייערע עלטערן.

די גרויסע ירושה פון די מצריים האָבן איבערגענומען אַנדערע, האָבן זי אַנטוויקלט און באַטראַכט. ווי עס ווייזט אויס זיינען די פיניצער געווען די ערשטע, וואס האָבן אויסגעבעסערט דעם היעראָגליפן-כּתב. אַלס אַ האַנדלס-פאָלק, וואָס האָט געהאַט אַ מגע ומשא מיט די ווייטסטע לענדער, האָבן זיי זיך גענויטיגט אין אַ לייכטע שריפט. זיי האָבן אויסגענוצט אַ טייל פון די פאַרקירצטע מצרישע סמנים און געשאַפן פאַר זייער שפּראַך אַן אלף-בית פון 23 אותיות. יעדער אות פון דעם אַלף-בית האָט זיך, ווי באַי די מצריים, אָנגערופן מיטן נאָמען פון דעם גאַנצן וואָרט, פון וועלכן דער אות איז געווען דער אָנהויב. איינגאַנצן זיינען אין דעם אַלף-בית פון די פיניצער 20 אותיות, אַלף, בית, גימל, דלת, הי, ו, זין, חית, טית, יוד, כּף, למד, מם, נון, סמך, עין, פּה, ריש, שין, תו.

אַלס אַ האַנדלס-פאָלק, וואָס האָט געהאַט אַ מגע-ומשא מיט די ווייטסטע לענדער, האָבן די פיניצער פאַרשפּרייט זייער אַלף-בית צווישן פיל פעלקער. צוערשט האָבן באַ זיי איבערגענומען דעם אַלף-בית די שכנישע סעמיטישע פעלקער: די אַראַמעער, העברעער און אַנדערע פעלקער. ס'פאַרשטעהט זיך, אַז יעדעס פאָלק האָט אַ ביסל איבערגעאַנדערשט דעם אַלף-בית, צוגעפּאַסט אים צו די קלאַנגען פון זיין שפּראַך. די יודן, למשל, האָבן צוגעגעבן די אותיות „צדי" און „קוף" פאַר די קלאַנגען, וועלכע זיינען באַ די פיניצער ניט געווען.

פון דעם פיניצעאישן שטאַמען אבער ניט נאָר די אַלע אַלף-ביתן פון די מזרח-פעלקער, נאָר אויך פון די אייראָפּייאישע פעלקער. צוערשט האָבן דעם אַלף-בית איבערגענומען די גריכן. די נעמען פון די גריכישע אותיות זיינען דערפאַר כמעט די זעלבע: אַלפאָ, בעטאָ, גאַמאָ, דעלטאָ און א. וו. זיי האָבן אויסגעבילדעט פון פיר פיניצעאישע אותיות שטענדיגע וואָקאַלן, וואָס האָבן אויך צוגעגעבן דעם אות V (או) און עס האָט זיך באַקומען אַן אַלף-בית פון 23 אותיות.

די פיניצעער האָבן געשריבן פון רעכטס אויף לינקס. דער אַרט שרייבן איז געבליבן ביי אַלע מזרח-פעלקער. די גריכן האָבן

צוערשט אויך אַזוי געשריבן, דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן שרייבן הין און צוריק: איין שורה פון רעכט אויף לינקס און די צווייטע צוריק פון לינקס אויף רעכטס, שפּעטער האָבן זיי אינגאַנצן אָנגעהויבן שרייבן פון לינקס אויף רעכטס.

בּאַ די גריכן האָבן איבערגענומען דעם אַלף-בית די רוימער. דער רוימישער אָדער לאַטיינישער אַלף-בית איז באַשטאַנען פון 23 אותיות. זיי האָבן געשריבן, ווי די גריכן שפּעטער: פון לינקס אויף רעכטס. פון די רוימער האָט זיך דער לאַטיינישער אלף-בית פאַרשפּרייט צוזאַמען מיטן קריסטנטום איבער גאַנץ אייראָפּע: אין פראַנקרייך, שפּאַניען, פּאָרטוגאַל, ענגלאַנד, פּוילן.

| די נעמען פון די אותיות. | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | די נעמען פון די אותיות | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| לָמֶד | | | | | אָלֶף | | | | |
| מֶים | | | | | בֵּית | | | | |
| נוּן | | | | | גִימֶל | | | | |
| סָמֶך | | | | | דָלֶת | | | | |
| עַיִן | | | | | הֵיא | | | | |
| פֵּה | | | | | וָו | | | | |
| צָדִיק | | | | | זַיִן | | | | |
| קוּף | | | | | חֵית | | | | |
| רֵיש | | | | | טֵית | | | | |
| שִין | | | | | יוּד | | | | |
| תָּו | | | | | כַּף | | | | |

די אַנטוויקלונג פון דעם אלף-בית.

די גאָטן האָבן אַ ביסל פאַרענדערט דעם לאַטיינישן אלף-בית, און עס איז פון אים געוואָרן דער דייטשער אלף-בית. אַ ביסל אַנדערש, איידער דער געוועהנלאַכער אלף-בית, איז אויך דער סלאַווישער אלף-בית, וועלכן ס'האָט צוזאַמענגעשטעלט דער גריך קיריל, וואָס האָט פאַרשפּרייט דאָס קריסטנטום צווישן די סלאַוון און האָט איבערגעזעצט די ביבל אויף סלאַוויש. פון דעם

סלאווישן אלף-בית האָט זיך שפּעטער אויסגעבילדעט דער איצ-טיגער רוסישער, וואָס מע באַנוצט איצט אין רוסלאַנד, און אין באָלגאַריע. די אַלע אלף-ביתן ווערן געשריבן פון לינקס אויף רעכטס.

דער העברעאישער אלף-בית האָט זיך אַנטוויקלט, ווי מיר האָבן פריהער געזאָגט, פון דעם פיניצעאישן. אַלע אותיות פון דעם העברעאישן אלף-בית זיינען אין דער אמת'ן קאָנסאָנאַנטן, קיין אמת'ע וואָקאַלן זיינען אין אים גאָר ניטאָ. די אותיות א, ה, ו, י, האָבן יאָ ווען עס איז באַצייכנט וואָקאַלן, אָבער אין אַלגעמיין האָבן זיך די העברעאישע ווערטער, אַזוי ווי די ווערטער פון אַלע אַנדערע סעמיטישע שפּראַכן, געשריבן אָן וואָקאַלן. בכדי אָבער מע זאָל קאָנען לעזן ריכטיג, האָבן זיך מיט דער צייט אויסגעבילדעט באַזונדערע צייכנס-פּאַסיקלאַך און פּינטעלאַך, אָדער ווי מ'זאָגט אויף העברעאיש: נקודות, וועלכע מ'האָט געשריבן אונטער די אותיות אָדער איבער די אותיות. דער אַלטער העברע-אישער אלף-בית איז ענלאַך געווען צום פיניצעאישן. אין עזראַ'ס צייטן האָבן די אידן איבערגענומען דעם אַראַמעאישן אלף-בית, וועלכער האָט זיך אַנטוויקלט און איז מגלגל געוואָרן אין דעם איצ-טיגן קוואַדראַטן-שריפט. דער אידישער אַלף-בית איז דער זעלבער, וואָס דער העברעאישער, נאָר אין אידישן האָבן זיך אויסגעטיילט, אַלס שטענדיגע וואָקאַלן, וועלכע עס שטעלן זיך, ווי אין די איירא-פּיאישע שפּראַכן, צווישן די קאָנסאָנאַנטן, די אותיות אַ, אָ, ו, י און ע. עס האָבן זיך אויסגעבילדעט צונויפגעשטעלטע קאָנסאָנאַנטן: זש, טש. און צונויפגעשטעלטע וואָקאַלן ײַ, יי, וי.

---

## VI

## אלה תולדות פּאַפּיר און פען.

אַ סך מתנות האָט די נאַטור געשענקט דעם מענשן, און לכתחילה האָט דער מענש געלעבט אויף אַלעם פאַרטיגן, וואָס די נאַטור האָט פאַר אים צוגעגרייט: ער האָט דאַן ניט געזייהט און ניט געשניטן, ניט געהאָדעוועט קיין הויז-חיות, ניט געבויט קיין וואָינונגען; מיט ווילדע געוויקסן און מיט פלייש פון געטויטע חיות האָט ער זיך גענערט; אין די היילן און אין די געדיכטענישן פון די וועלדער האָט ער זיך אַן אויפהאַלט געזוכט. דער צאָל פון זיינע באַדערפעניש איז אָבער געוואַקסן. דאָס, וואָס די נאַטור האָט אים געשענקט, האָט אים שוין ניט געקאָנט צופרידן שטעלן, און דאָס

באַטירלאַכע האט ער אנגעהויבן באַאַרבעטן און איבעראַנדערשן. און איצט, כאטש מיר באַקומען אונזער נערונג און מאַטעריאַל פאַר בזיען פון דער אויסערער וועלט, דאך קאסטן די אַלע פרות, די תּבואה־געוויקסן, די שטיינער און בוימער אַ סך מיה איידער זיי ווערן פאַרטיג צום באַנוצן.

אַזאַ איבערגאַנג פון פשוט'ן באַנוצן זיך מיט דעם, וואס עס האט באַשאַפן די נאַטור, צו דער זעהר שווערער באַאַרבעטונג, זעהען מיר, בשעת מיר לערנען די געשיכטע פון פען און פּאַפּיר.

די ערשטע זאַכן, אין וועלכע דער מענש האט אַריינגעבלאזן אַ נשמה, אויסקריצנדיג אויף זיי זיין מחשבה, איז געווען: דער שטיין, דאס האלץ און די פּאַרמעטענע בלעטער פון אייניגע געוויקסן. דער אוראַלטער מענש האט גוט פאַרשטאַנען, אַז דער שטיין איז שטאַרק און אייביג, און דורות לאַנג וועט ער זיין אויסזעהן ניט אנווערן. ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואס אים האט ער אויסדערוועהלט איבערצוגעבן די קומענדיגע דורות געדאַנקען אדער וויכטיגע געשעהענישן. מיר ווייסן דאך שוין, אַז די ווענט פון די מצרישע טעמפּלען, די פּיראַמידן, די פעלזן־שטיינער אויפן ברעג פון טייך נילוס זיינען געווען באַדעקט מיט פילע אויפשריפטן. די 10 געבאט (עשרת הדברות) האט משה אויסגעקריצט אויף שטיינערנע לוחות (טאוולען). אויך די אוראַלטע גריכן האבן אויף שטיינער אויסגעקריצט אייניגע געזעצן, אפמאַכונגען. אין פיל ערטער אין צפון אַמעריקע וואַרפן זיך אין די אויגן פון דעם פאַרוואונדערטן רייזנדער פעלזן און שטיינער איינגעטונקטע אין געהיימניספולע אויפשריפטן, וואס האבן אנגעצייכנט די אַלטע אינדיאַנער. פּאַסיגע האַרטע שטיינער האט געפעלט די בבלים און די אשורים; זייער נאַטור פאַרמאגט עס ניט און זיי האבן גענוצט ליימענע ברעטלאַך: בשעת די ליים איז געווען ווייך, פלעגן זיי אויף אים אנצייכנען זייער שריפט, און נאכדעם פלעגן זיי עס אויסברענגען. אַן ענגלישער געלערנטער לייאַרד האט אונטער די חורבות פון דער אור־אַלטער שטאט נינוה געפונען אַ גאַנצע ביבליאטעק, וועלכע ס'האט געגרינדעט דער קיסר אסורבאַניפאל. די ביבליאטעק איז באַשטאַנען פון דינע פירעקעדיגע ליימענע טאוועלאַך. יעדער זייט פונם טאוול איז געווען אַ זייטל פון אַ צוויקל־געשריבענעם מאַנוסקריפּט *).

אַ צווייטער מין מאַטעריאַל אויף צו שרייבן, וועלכער איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט ביי פיל פעלקער, און איז נאך ביז איי־

*) „צוויקל־שריפט" האט עס געהייסן דערפאַר, ווייל דער אשור־כתב האט אויסגעזעהן ווי פאַרשפּיצטע שטעקלאַך.

זערע צייטן פאַרבליבן, איז האלץ, קארע און שטאַרקע פעסטע בלע־טער. אויף טאוולען פון באַמבוק און אויף שטאַרקע בלעטער האבן די כינעזער געשריבן, איידער זיי האבן אנגעהויבן נוצן פּאַפּיר. דאס ווארט „ביבל" (תנ"ך) און „ביבליאָטעק" נעמט זיך פון דעם גריכישן „ביבלאס" און לאַטייניש „ליבער", וועלכע האבן אין די גאר אַלטע צייטן, געהייסן „קארע". ערשט, נאכדעם, אַז מ'האט עס לאַנג גענוצט ווי אַ מאַטעריאַל צום שרייבן, האט עס באַקומען דעם באַגריף און די באַטייטונג פון דאס ווארט „בוך". אויף די רוימער האבן פיל גענוצט הילצערנע טאוולען צום שרייבן: אין די חורבות פון פּאמפּיי האט מען געפונען אַ סך טאוולען, באַדעקטע מיט וואקס, אויף וועלכע ס'זיינען נאך פאַרבליבן מיט אַ גריפל אויסגעקריצטע רעכנונגען, צע־טלאַך, בריף, איבונגען פון שול־קינדער... דער גריפל, וועלכער הייסט אויף לאטיין „סטילוס", איז געווען פון אייזן אדער פון ביין געמאַכט, פון איין זייט פאַרשפּיצט, און פון דעם אַנדער זייט פלאַטשיג און ברייט. מיט דעם שפּיץ פון דעם סטיל האט מען געשריבן, און מיטן פלאַטשיגן זייט פלעגט מען פאַרגלעטן דעם וואַקס, דאַן ווען ס'פלעגט זיך פאַר'גנב'ענען אַ גרייז. אַז מען פלעגט וועלן מיט דעם זעלבן טאוול זיך ווייטער באַנוצן, פלעגט מען אים אנוואַרעמען אויפן פייער, דער וואַקס פלעגט עטוואס צעגיין און מען האט ווייטער געקאנט נוצן דעם טאוול. די טאוולען האבן געהאַט בולט'ע ראנטן, מ'האט זיי דעריבער געקאנט, אַרויפלעגנדיג איינע אויף די אַנדערע, איבערבינדן דורך אַ לעכעלע, וועלכע איז געווען געמאַכט אין מיטן טאוול, און אַריבערשיקן אין ווייטע ערטער און דאס אנגעשריבענע זאל זיך דערביי ניט אפּרייבן. די רוימער האבן אויך געשריבן אויף טאוולען, וואס זיינען געווען באַדעקט מיט אַ דינער שיכט פון גיפּס. אויף די טאוולען פלעגן זיי שרייבן מיט אַ באַזונדער שוואַרצן טינט. אויף אַזוינע טאוולען האט מען אַרויס־געגעבן די ערשטע צייטונג 59 יאר פאַר דער אנגענומענער צייט־רעכנונג. די המצאה אַרויסצוגעבן אַ צייטונג האט געהערט דעם באַ־רימטן רוימישן קיסר יולי צעזאַר.

אין דער פּעטראָגראַדער עפנטליכער ביבליאָטעק, וואו ס'זיינען צונויפגעקליבן שרייב־מאַטעריאַל פון אַלע צייטן און פעלקער, קאַן מען זעהן אַ רוסיש בוך, וועלכער איז געשריבן אויף אולמע (קארע פון אַ בעריאָזע) און איז געבונדן מיט ליקע. גאַנץ אפט פלעגט מען אין די רוסישע קלויסטערס מחמת אָרעמקייט שרייבן נים אויף פּאַפּיר, נאר אויף אולמע. אפילו איצט שרייבט מען נאך אויך אין די ווייטע פאַרוואָרפענע ווינקלאַך פון רוסלאַנד אויף אולמע, אויף „לוב".

אין אינדיען און אין איינציגע אַנדערע הייסע לענדער האט די באַטור געשאַפן זעהר אַ גוטן מאַטעריאַל פאַרן שריפט—דעם שטייפן פאלם-בלאַט. מיר זיינען שוין אַזוי איינגעוועהנט, אַז אַן אפגעריסענער בלאַט זאל גיך פאַרטריקנט און פאַרוועלקט ווערן, אַז אונז איז שווער פארצושטעלן זיך דעם פאלם-בלאט, אַלס אַ פאַסיג שרייב-מאַטעריאַל. פון אט די גראַב-הויטיגע ריזן-בלעטער שניידט מען אויס די בעסטע שטיקער, מען טריקנט זיי אין שאטן, מען באשמירט זיי דערנאָך מיט אייל און — פאַרטיג. די אותיות קריצט מען אויס מערסטנטייל מיט אַן אל, אפטמאל רייבט מען איין אין די אויסגעקריצטע אותיות שוואַרצע פאַרב, אדער מען באַפאַרבט מיט אַ פענזל די בולט'ע אותיות. אויב ס'איז נויטיג, לעגט מען די בלעטער אַרויף אייגע אויף די אַנדערע, מען פאַרבינט זיי מיט אַ שנירל, ס'ווערט אַ מין בוך, וואס קאן זיך האַלטן הונדערטער יאָרן; מ'לעגט עס אַריין אין אַ רייך געמאלטן שיידל, וואס איז גאַנץ אפט געמאַכט פון אַ טייערן מעטאַל. פריהער האט מען אויף פאלם-בלעטער געשריבן אין כינע און אין מערב-אַזיע, איצט נוצט מען עס אויך אויף דעם אינזל ציילאן. די ענגלישע רעגירונג נוצט עס אין אירע קאַנצעלאַריעס; די איינגעבוירענע פון ציילאן שרייבן אויף דעם בריף, וויקלען עס צונויף, בינדן איבער מיט אַ שנירל און שיקן אַוועק דורך דער פאצט.

אין דעם אוראַלטן מצרים, וואו דאס שרייבן איז געווען זעהר פאַרשפרייט, און וואו די שטעלע פון אַ שרייבער איז געווען אַ בכבוד'יגע און האט אַריינגעטראגן אַ שענע פאַרדינסט, פלעגט דינען, אַלס אַ מאַטעריאַל צום שרייבן, אַ מוראַ'דיג גרויסע געוויקס (12—8 פוס די הויך) פאַפירוס, וועלכער איז דארט געוואַקסן גאַנצע וועלדער. נאָך איצט אויך וואַקסט דער פאַפירוס פאזע אוי-בערשטן נילוס און אויף די ברעגעס פון די זומפיגע אזערעס אינע-ווענדיג אין אַפריקע. מע קאן אים אויך זעהן ביי די אויסגוסן פון די סיציליער טייכן (אין איטאַליען), וואוהין די אַראַבער האבן אים פאַרטראגן פון סיריען נאָך אין דעם צעהנטן יאהרהונדערט. די אוראַלטע מצרים פלעגן פון פאַפירוס אויסאַרבעטן קליידער, שטריק און פאַרשיידענע געפלעכטן; איינציגע טיילן פון דעם זאַפטיגן שטענגל האבן נאָך מיט 3000 יאר צוריק געדינט פאַרן פראסטן מענשן אַלס אַ שפייז מאַטעריאַל. נאר דאס וויכטיגסטע פון דעם געוויקס איז גע-ווען דער פאַפיר. אַ לאַנגע צייט איז דער פאַפיר געווען ביי די מצריים אַ סחורה, מיט וועלכן מ'האט געפירט אַ גרויסן האַנדל. נאָך מיט 4000 יאר צוריק האבן זיך די מצריים אויסגעלערנט מאַכן פון פאַ-פירוס אַ מין שרייב-פאַפיר. די אויסאַרבעטונג איז פארגעקומען אויף אַזאַ אופן: די אויבערשטע הייטל פון פאַפירוס פלעגט מען איינגאַנצן

באַזייטיגן; פון דעם זאַפטיגן שטענגל פלעגט מען אַראָפּנעמען פאַר־
שיידענע הייטלאַך, דעם בעסטן סאָרט פּאַפּיר פלעגן געבן די מיטל־
סטע הייטלאַך, דעם ערגסטן — די אויסנווייניגסטע הייטלאַך. נאָכדעם,
אַז מ׳פלעגט זיי אויסטאָן פונם שטענגל, פלעגט מען זיי אויסלייגן
אויף ברעטלאַך געדיכט איינע נעבן די אַנדערע, אויפן ערשטן שיכט
הייטלאַך פלעגט מען פון אויבן אַרויפלייגן קווער נאָך אַ שיכט הייט־
לאַך; אויסגעלעגט, פלעגט מען זיי באַגיסן מיט נילוס־וואַסער, פּרעסן
און טריקענען, נאָכהער באַשמירן מיט קלייסטער און לסוף — אויס־
גלעטן און פאַרגלייכן מיט אַ מעער־קעפּל אָדער מיט אַ העלפאַנט־
ביין. איינציגע בלעטער פון פּאַפּירוס פלעגט מען אָפּטמאָל צונויפ־
קלעפּן אינאיינעם און ס׳פלעגט זיך באַקומען אַ מגילה פון 27—20
אַרשין די לענג, וועלכע מ׳פלעגט אנוויקלען אויף אַ שטעקן מיט
גראָבע עקן. אויף דעם אויבערשטן עק פון דעם שטעקן פלעגט מען
אנבינדן אַ צעטעלע מיטן נאָמען פון דעם מאַנוסקריפּט; דאָס צעטעלע
פלעגט זיך אַרויסזעהן פון שיידל, וועלכע איז געווען אַ לעדערנע.
אט דאָס איז די פאָרם פונם אַמאָליגן בוך: אַ מגילה אַן אנגעוויקלטע
אויף אַ שטעקל. אין די ביבליאָטעקן פלעגט מען די מגילות ניט
שטעלן, נאָר לעגן אויף די פּאָליצעס, אַזוי אַז דער צעטעלע מיטן
נאָמען פלעגט אַראָפּהענגען און זיך גוט אַרויסזעהן.

מיט אויסאַרבעטן פּאַפּיר האָט מען זיך באַשעפטיגט איבער־
הויפּט אין דער שטאָט אַלעקסאַנדריע; פון דאָרט פלעגט מען אים
ליווערן אין די שטעט פון קליין־אַזיען, אין גריכנלאַנד און אין
רוים. ס׳איז דאָ אַ לעגענדע, אַז אין אנהויב פון דעם צווייטן יאָר־
הונדערט פאַר דער קריסטוס־ערע האָט דער קיסר פון קליין־אַזיען,
עוומען דער צווייטער, געגרינדעט אַ גרויסע ביבליאָטעק. דאַן האָבן
די אַלעקסאַנדריער מושלים, די פּטאָלאָמעער, פאַרווערט אַרויסצו־
פירן פּאַפּירוס, זיי האָבן מורא געהאַט אַז עוומענס ביבליאָטעק וועט
אַריבערשטייגן די באַרימטע אַלעקסאַנדריער ביבליאָטעק, וועלכע
האָט ביז דאַן קיין גלייכן צו זיך ניט געהאַט (זי האָט פאַרמאָגט
700,000 פאַרשיידענע מאַנוסקריפּטן). דער קיסר עוומען האָט זיך
אַרויסגעדרעהט פון דער שווערער לאַגע אויף אַזאַ אופן: ער האָט
איינגעאָרדנט אין דער שטאָט פּערגאַם אַן אנשטאַלט, וואו מ׳האָט
באַאַרבעט פעל אויף צו שרייבן. דער מנהג צו שרייבן אויף פעל
איז אַן אַלטער און אַ פאַרשפּרייטער: פריהער האָבן מיר אנגעוויזן,
אַז די אינדיאַנער האָבן געשריבן אויף בופנפעל; די לעגענדע דער־
ציילט, אַז די אוראַלטע פּערסן האָבן אנגעשריבן זייערע הייליגע
ביכער אויף 1200 אָקסנפעל; אויף פעל פלעגן פאַרשרייבן די גרי־
כישע פּריסטער די נביאות פון די אָראַקלען און די רעליגיעזע געזעצן,

היות אבער ווי פעל פלעגט מען זעהר קונציג באַארבעטן אין דער שטאט פערגאַם, האט עס געהייסן פערגאַמענט. און אַזוי איז עס פאַרבליבן עד היום. ביי יידן רופט מען עס אַ ביסל אַנדערש: פאַרמעט. אויף פאַרמעט האט מען געשריבן די תורה, תפילין און מזוזות.

פון אַזיען איז די קונסט צו באַאַרבעטן פעל אַריבער קיין גריכנלאַנד און קיין איטאַליען, און פון דאַרט אין דער צייט פון מיטלאַלטער אין צפון-איירָאפּא. פאַרגעמען פלעגן זיך מיט דעם די מאנאַכן. אט ווי אַזוי מען פלעגט דאַן אויסאַרבעטן פערגאַמענט: די פעל פון דעם בעל-חי פלעגט מען אַריינלעגן אין אַ צעלאזונג פון קאַלך, נאכדעם פלעגט מען די שמוץ און האר פון דעם אַראפּנעמען מיט אַ סקראַב-אייזן און אפּרייבן מיט בימשטיין. ס'זיינען געווען פאַרשיידענע סאָרטן פאַרמעט: ס'האט זיך געווענדט אַן דער באַאַרבעטונג, דער דינקייט און ווייכקייט פון דעם פעל. דער בעסטער סאָרט איז געווען דער פאַרמעט, וואס מ'האט געמאַכט פון שעפּסן-און קאַלבן-פעל. אין דער מיטלאַלטער איז פאַרמעט געווען דער פאַרשפּרייטסטער שרייב-מאַטעריאַל, עס האט אבער טייער געקאסט. די מאנאַכן פלעגן דעריבער אפּרייניגן און אויסקאכן אַלטע מאַנוסקריפּטן, גאַנץ אפט זעלטענע קלאַסישע ווערק פון די אַלטע פּאעטן און פילאָסאָפן, און נאכדעם פלעגן זיי שרייבן אויף דעם. מיט אַזוינע מיטלען, וואס וואַשן אפּ דאס נייע און מאַכן ניי דאס אַלטע האט זיך איינגעגעבן אויפצושטעלן דעם אלטן כתב. אין פעטראגראדער ביבליאטעק אין דא אַזאַ מין עקזעמפּליאַר. אויף אים האט מען צוערשט געשריבן אויף גריכיש, נאכדעם אויף סיריש, און ענדלאַך אויף גרוזיניש.

אין ניינטן יאָרהונדערט האט מען געבראַכט פון כינע קיין איירָאפּע פּאַפּיר, געמאַכט פון באַוול. אין איירָאפּע איז אבער קיין באַוול דאַן ניט געווען און דאס פּאַפּיר איז געווען טייער און ניט פאַרשפּרייט. ערשט אין 1200 יאָר האט מען געבראַכט קיין איירָאפּע דאס ליין-פּאַפּיר (אונזער איצטיגער שמאַטע-פּאַפּיר), דאס איז געווען דער ערשטער שרייב-מאַטעריאַל, וועלכער איז געווען ביליג און האט זיך דעריבער זעהר שנעל פאַרשפּרייט איבער גאַנץ איירָאפּע.

פאַרשטעהט זיך, אַז וויבאַלד נאָר ס'האט זיך געביטן דער מאַטעריאַל, אויף וועלכן מען שרייבט, האט זיך געענדערט דאס שרייב-געצייג. אויף שטיינער, ליים, האלץ און וואַקס האט מען די אותיות געמוזט אויסהאַקן, אויסשניידן אדער אויסקריצן. אַז מ'האט אבער אנגעהויבן ניצן ווייכן זייד (ביי די כינעזער), פּאַפּירוס און פּאַפּיר, האט מען נאַטירלאַך אויפגעהערט קריצן און שניידן און מ'האט אנגעהויבן באַפאַרבן מיט אַ פּענזל, ווי, למשל, ביי די כינעזער, אדער מיט אַ פאַרשפּיצטן ראָרל, ווי עס האבן געטאַן די מאנאַכן

אין דער מיטלאַלטער. אונזער שטאַלענע פען, האט מען אנגעהויבן נוצן מיט אַ יאר 70 צוריק; איר טאַטע איז געווען דאס גענזן-פעדער און דערפאַר טאַקע רופט מען עס „פעדער".

ביזן פערטן יארהונדערט האט מען געשריבן מיט טינט, וואס איז געמאַכט געווען פון רוס צעמישט מיט אַ קלעפּיגן קליי. דעמאלט האט מען אויסגעטראַכט טינט פון גאלעש-ניסלאַך, וועלכן מען נוצט ביז היינטיגן טאג.

---

# VII

## וואָס האט דאס בוך איבערגעלעבט אויף זיין לאַנגן היסטאָרישן וועג?

אין די גרויסע הויפּט-שטעט, אויך אין פּעטראָגראַד, זיינען פאַראַן מוזעען, אין וועלכע ס'זיינען אָנגעזאַמלט ביכער פון פאַר-שיידענע צייטן און פעלקער. וואס פאַר אַ מינים ביכער קאָן מען זיך דארט ניט אנזעהן! מגילות פון פּאַפּירוס און פון פּאַרמעט, גראָבע שווערע פּאָליאַנטן, ווי אַמסטערדאַמער גמראות, מצרישע היעראָגליפן, אסירישע צוויקל-שריפטן. ס'קוקן אויף אייך פון די גלעזערנע גרויסע שויבן אַראַבישע, גריכישע און לאַטיינישע אויפשריפטן, און ווי זיי וואלטן אייך דערצעהלט אַ לאַנגע גע-שיכטע, אַ געשיכטע פון מענשנס בלאָנזשען, פון זיינע נצחונות, פון זיין פינסטערקייט, אויך פון העלע ליכטיגקייט. זיי וואָלטן אייך דערצעהלט די געשיכטע פון דאס בוך, זיין גורל, און וואס פאַר אַ אַרבעט דאס בוך האט אויפגעטאָן אויף דער וועלט.

אַ וויכטיג ארט פאַרנעמען דא די הייליגע רעליגיעזע ביכער. ס'איז דערפאַר, ווייל רעליגיע האט אַמאל געשפּילט אַ וויכטיגע ראָליע אין לעבן פון דעם מענשן. דאַן, ווען דער מענש האט ווייניג פאַרשטאַנען און געוואוסט, האט דאס גלויבן פאַרנומען דעם אָרט פון דענקען. דארט, וואו די סבה פון אַ דערשיינונג איז געווען ניט קלאָר, האט עס דער מענש דערקלערט מיט געטלאַכקייט. אין די רעליגיעזע ביכער שפּיגלט זיך דעריבער אפּ דער פאַרשטעהן און דער באַנעמען פון דער גאַנצער אַרומיגער וועלט, אויך פון דעם מענשנס אייגן וועלטל. שרייבן האבן גע-קאָנט נאָר די גייסטלאַכע, די „פאַרשטעהער" פון גאָט, ווי זיי אַליין פלעגן זיך רופן, און אויך דעריבער האט אַלץ באַקומען א

הייליגן אָפּשיין, אַלץ האט געטראָגן אויף זיך גאָטס נאָמען. דאָך קאָן מען אין די הייליגע ביכער געפינען אויף די אוראַלטע גע-שיכטע פון די פעלקער, פאַרשיידענע בירגער-געזעצן, מנהגים און עצות ווי צו פירן זיך אין דעם פּראַקטישן לעבן. די ביכער פלעגן די כהנים לערנען און שטענדיג אָפּהיטן פון אַ פרעמד אייג, כדי די חכמה און די וויסנשאַפט זאלן ניט פאַרשפּרייט ווערן צווישן דעם פשוט'ן המון.

דאך זיינען נאך אין די אוראַלטע צייטן געווען פאַרשפּרייט צווישן די געבילדעטע פעלקער ביכער, וועלכע האבן געהאַט אַ וועלטליכן כאַראַקטער. אויף דעם ארט, וואו ס'איז אַמאל געשטאַ-נען די שטאט נינוה (אין בבל), האט מען אין די אויסגראָבונגען געפונען די עלטסטע ביבליאטעק פון ליימענע ביכער, צווישן די ביכער זיינען דא ניט נאר רעליגיעזע ווערק, נאר אויך היסטאָ-רישע כראָניקעס, אַרטיקלען וועגן אַרכיטעקטור, לעגענדעס און פילאלאגישע אויספאָרשונגען. אויך פון די אוראַלטע מצריים זיי-נען דערגאַנגען צו אונז אַ סך חיבורים וועגן מעדיצין, אַסטראָ-נאָמיע און פּראַקטישע וויסנשאַפט; אַפילו מעשה'לאַך האבן זיך געפונען צווישן זייערע פּאַפּירוסן.

דאך ניט אין אַט די לעגענדער פונם אַלטערטום האט גע-בליהט דעם מענשנס גייסט. די בלינדע איבערגעגעבנקייט צו דעם אַלטערטימלאַכן האט אפּגעשוואַכט דעם שאַפונג-גייסט. די חכמים פון מצרים האבן געוואוסט נאָר איין זאַך: אָפּהיטן די „געטלאַכע חכמה", וואס איז זיי געקומען בירושה פון די עלטערן, בלינדערהייט טאָן אַלע מצות און מעשים, וואס די עלטערן האבן געבאָטן. אויב זיי האבן שוין יאָ פון עפּעס געטראַכט, איז עס געווען וועגן פּראַקטישן און נוצלאַכן אין לעבן.

גאַנץ אַנדערש איז עס געווען אין גריכנלאַנד. דארט האבן זיך די מענשן אויסגעלערנט „שעצן אַלץ, וואס איז שעהן, זוכן דעם אמת, ניט טראַכטנדיג וועגן דאס נוצלאַכע, וואס עס וועט זיך דערפון באַקומען באַלד אויפן ארט". ביי זיי האט גע-פעלט די קאַסטע כהנים, וועלכע איז ביי אַלע פעלקער געווען די איינציגע הערשערן איבער די גייסטלאַכע אוצרות, זיי האבן אויך ניט געהאַט צוטאַן מיט אַזעלכע תורות, וואס פּענטען אַלע געדאַנקען פון דעם מענשן. זייער נייגעריגער געדאַנק האט ניט מורא געהאַט אויסצופאָרשן יעדע מסורה, יעדע טראַדיציע. זיי האבן דרייסט געפּרובט לעזן די האַרבסטע וועלט-קשיות, די פּאַר-פּלאָנטערסטע ענינים, וואס זיינען שייך צו דער וועלט, צו דער נאַטור און מענשן. דאס „זוכן אמת" האט פאַרשאַפט פיל פאַר-

געניגן דעם אַלטן גריך, „דער לעבן אָן חקירה איז קיין לעבן ניט“, האט געזאגט סאָקראַטיס (איינער פון די גרויסע גריכישע חוקרים).

פאַרשטעהט זיך, אַז ניט דאס גאַנצע פאלק האט געקאנט חקירה'ן און זוכן דעם אמת. נאר די אויבערשטע שיכטן פון פאָלק האבן זיך געקאנט אפגעבן דער גייסטלאַכער טעטיגקייט, אַ דאַנק דעם, וואס דעם גאַנצן יאָך פון שווערער פיזישער אַרבייט האט אויף זיך געטראגן דער קנעכט און דער פשוט'ער פלעבס, דער המון.

אַ קוואַל פון חכמה און שאַפונג האט געשלאגן אין דעם אוראַלטן גריכנלאַנד. פאַר עטלאַכע הונדערט יאר האט זיך דארט אָנגעזאַמלט אַזאַ אוצר פון וויסנשאַפט און פאָעזיע, אַז אַ לאַנגע צייט האבן נאָכדעם די אייראָפּעאישע פעלקער געשעפּט פון דעם קוואַל און ניט אויסגעשעפּט. די גריכן האבן געשאַפן די טעאַטער-קונסט, וועלכע זיי האבן טייער געהאַלטן. אונזערע מאַטעמאַטישע קענטעניסן שטעהען אויפן גרונט פון די המצאות און אויספאָרשונגען פון די גריכישע געלערנטע. דער פאָטער פון געשיכטע איז דער געלערנטער גריך העראָדאט. אין דעם פערטן יארהונדערט האט ער אנגעשריבן א גלענצנד שענע ערצעהלונג וועגן דער גרויסער מלחמה מיט די פערסן. פארבייגעהענדיג, דערציילט ער אונז וועגן דער פארגאנגענהייט פון לידיע, פרס, מצרים און סקיטיען.

ניט אומזיסט האבן זיך געמיהט די אלטע גריכישע פילאָסאפן; זייער „זוכן“ איז ניט געגאנגען פארלארן. זייערע אַנטדעקונגען ווייזן אונז נאָך עד היום די ריכטיגע וועגן צו דערקענען די געזעצן, וואס הערשן אין דער נאַטור און אין לעבן פון דעם מענשן.

ניט קוקנדיג אויף דעם גרויסן אויפטאָן פון דעם גריכישן געדאַנק, האט דאך ביי די גריכן דאס בוך ניט פאַרנומען אַזאַ אָרט אין לעבן, ווי ביי אונז איצט. דער אַלטער גריך האט מער געשעצט דאס לעבעדיגע, געזאגטע וואָרט, איידער דאָס געשריבענע. ניט פון ספר, נאר אויפן מאַרק, אויפן פלאַץ, אין גימנאַזיע און אין טעאַטער האט ער באַקומען זיין גייסטיגע ערציהונג. ער האט זיך געלערנט דאַן, ווען ער האט געהערט שמועסן און רעדעס פון די גרויסע דענקער און בארימטע געלערנטע אדער, ווען ער האט זיך געקוויקט מיט א טעאטער-שטיק. אייניגע פון זייערע פילאסאָפן האבן פון זייער חכמה קיין איין שורה ניט איבערגעלאזן, ווייל זיי האבן געלערנט נאר רעדנדיג און שמו-

עסנדיג. אזוי אָ האט געלערנט סאָקראטעס, וועלכער האט געזאגט, אז „פאר אים איז אנגענעמער צו שרייבן אין די הערצער פון די מענשן, איידער אויף דער פעל פון חיות", — אויף פארמעט, הייסט דאס.

ערשט שפּעטער האט זיך דאס בוך פארשפּרייט אין גריכנ-לאנד. אין די גרויסע שטעט, האבן דערשיינט פיל סופרים-מוכר'-ספרים'ניקעס, וואס פלעגן איבערשרייבן די ווערק פון די גריכישע פּאָעטן, חכמים און היסטאָריקער. ביי זיי זיינען שוין געווען בי-כער-קלייטן, וואוהין ס'פלעגן זיך צונויפקומען שמועסן געלערנטע, פּאָעטן און ליבהאָבער פון ליטעראטור. דער באַלעבאָס פון דער ביכער-קלייט פלעגט עס אויסנוצן און דערוייל באקענען זיי מיט די נייע ביכער, וואס ער האט איבערגעשריבן.

די יורשים און די תלמידים פון די גריכן, די רוימער, האבן אויך הויך געשעצט קענטעניש און חכמה. ביי זיי זיינען אויך געווען באַרימטע פּאעטן, היסטאריקער און געלערנטע, וואס האבן זיי פאַר-שאַפט מער כבוד, ווי זייערע באַוואוסטע פעלדמאַרשאַלן. אַ לאַנגע צייט נאכדעם, אַז רוים איז חרוב געווארן, האט מען פון זייערע ווערק געשעצט חכמה און פאַרגעניגן. זייער רייכע און שענע שפּראַך איז געווארן די שפּראַך פון אַלע אייראפּעאישע שרייבער. די אויס-פאַרשונגען וועגן די רעכט פון דעם מענשן, וואס ס'האבן געמאַכט די רוימישע יוריסטן, האבן געדינט אַלס אַ גרונט פאַר דער געזעצ-געבונג פון די אייראפּעאישע לענדער.

דאס בוך האט זיך אין רוים ברייט אַנטוויקלט און ווייט פאַר-שפּרייט. כמעט אין אַלע גרויסע שטעט זיינען געווען ביכער-קלייטן. ביי די קלייטן זיינען געווען איינגעארדנט גרויסע זאַלן, וואו עס פלעגן זיצן אַרום טישן צענדליגער און הונדערטער שרייבער. אַ טייל פון זיי זיינען געווען קנעכט, אַ טייל געדונגענע. אַז אַ באַוואוסטער שרייבער האט פאַרענדיגט אַ נייעם חיבור, פלעגט ער אים אָוועקטראגן צו אַ באַקאנטן מוכר־ספרים'ניק. יענער פלעגט אים איבערלייענען און אָוועקטראגן אין דעם גרויסן זאַל, וואו עס זיינען געזעסן די שרייבער. לויט דעם באַפעל פון זייער האַר, פלעגן זיי וואַרפן אַלע אַרבעט; איינער פון זיי פלעגט זיך אויפהויבן אויף אַ בימה און אנ-הויבן דיקטירן דעם נייען חיבור. נעבן יעדן שרייבער פלעגן זיך געפינען: מגילות פון פאַרשיידענער גרויס, צוויי ענדיגע טינטערס מיט טינט פון צווייערליי פאַרבן און אַ גוט פאַרשפּיצטער ראר. און אין אַ פּאר שעה אַרום איז שוין פאַרטיג געווארן אַזוי פיל עקזעמ-פּליאַרן, וויפיל שרייבער ס'זיינען געווען ביי דעם מוכר-ספרים'ניק. אויף מארגן אין דער פריה האבן געשיינט אויף די סלופּעס און

אויף די ראַגן פֿון די גאַסן מודעות, אַז בײַ אַזאַ און אַזאַ מוכר־ספרים׳ניק איז אַרויסגעגאַנגען אַזאַ און אַזאַ חיבור.

די ווערק פֿון די באַרימטע רוימישע שרייבער פֿלעגן זיך פֿאַנאַנדערגעהן אין פֿיל טויזנטער עקזעמפּליאַרן. דורך פּאָסט־קור־יערן, סוחרים און מיט דער הילף פֿון דער געשריבענער צייטונג פֿלעגט די ידיעה וועגן אַ נייעם אויסגעצייכנטן חיבור דערגרייכן צו די ווייטסטע רוימישע פּראָווינצן, און די רוימישע שרייבער האָבן גע׳שמ׳ט ווייט איבער די גרעניצן פֿון דעם אַפּענינער האַלב־אינזל. מ׳דערציילט, אַז איינער אַ שפּאַניער האָט, ניט קוקנדיק אויף זיינע אַלטע יאָרן, אַוועקגעלאָזט זיך אין ווייטן רוים מער ניט כּדי זעהן דאָרט איינעם אַ באַרימטן רוימישן פּאָעט, וועמעס ווערק ס׳זיינען צו אים דערגאַנגען.

מיט דער צייט האָבן די רוימער באַקומען אַ מין תּאווה צום לייענען, און אין דעם ערשטן יאָרהונדערט, לויט דער אנגענומענער צייטרעכנונג, האָט יעדער זעלבסטשטענדיגער רוימער געהאַלטן פֿאַר אַ חוב צו האָבן אַן אייגענע ביבליאָטעק. אָפּטמאָל פֿלעגט עס זיין אַ גרויסע ביבליאָטעק. אין די אויסגראָבונגען פֿון הערקולאַנום, וועלכן ס׳האָט חרוב געמאַכט דער וואולקאַן וועזוווי, האָבן די גע־לערנטע געפֿונען אין אַ הויז־ביבליאָטעק 1,700 מגילות. מיר ווייסן אויך פֿון אַזוינע רוימישע ביבליאָטעקן, וואָס האָבן געהאַט פֿיל צענד־ליגער טויזנט ביכער. די תּאווה צום לייענען איז ביים רוימער גע־ווען אַזוי שטאַרק, אַז דאָס בוך איז פֿאַר אַ סך מענשן געוואָרן אַ שטענדיגער באַגלייטער, אין באָד, ביים עסן, אויפֿן שפּאַציר, אין בעט און אַפֿילו, אַז מ׳איז געגאַנגען אויף מלחמה — אומעטום האָט מען געלייענט. ס׳פֿאַרשטעהט זיך, אַז ביי אַזאַ ליבע צום לייענען, איז געבאָרן געוואָרן דער געדאַנק אויסצובויען און איינצואָרדנען אַ ביבליאָטעק, וואָס זאָל זיין פֿריי און צוגענגלאַך פֿאַר יעדן. אַזוינע ביבליאָטעקן האָבן פֿאַרן חרבן פֿון רוים דערגרייכט אַ גרויסע צאָל.

אַזוי איז דאָס בוך אַריין אין דעם אַלטעגלאַכן געברויך פֿון דעם מענשן. נאָר אין דעם 4־טן יאָרהונדערט, לויט דער אנגענומענער צייטרעכנונג, האָט דאָס בוך מיט אַמאָל פֿאַרלאָרן זיין מאַכט. די אומקולטורעלע באַרבאַרישע פֿעלקער, וואָס האָבן זיך אין יענע צייטן אַריינגעריסן אין דער רוימישער מלוכה, האָבן אָן רחמנות צעשטערט די גרויסאַרטיגע דענקמעלער פֿון דער רוימישער קונסט, גלייך, ווי זיי וואָלטן זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל צו פֿאַרוואַנדלען די איינגענו־מענע לענדער אין אַ פּיטער־פֿעלד פֿאַר זייערע סטאַדעס, — אַט די דאָזיגע באַרבאַרן האָבן זיך אין קיין בוך ניט גענייטיגט. אַלץ, וואָס

עס האט זיי אין רוים אויסגעוויזן שלעכט און מיאוס, האבן זיי באַטראַכט ווי אַ פּועל-יוצא פון בילדונג און לערנען זיך.

וויסנשאַפט און ליטעראַטור האבן אויף אַ לאַנגע צייט אנגעוואָרן זייער פריהערדיגן ווערט. ס'איז געווען אַ צייט פון בהלות און בלוטיגע שלאַכטן. קיינעם איז אין קאפּ ניט געקראכן קונסט און וויסנשאַפט. מענשן האבן מער פון אַלץ געזארגט וועגן ברויט און וועגן פאַרהיטן דאס לעבן פון סכנות.

די אַנטוויקלונג פון דאס בוך איז, פאַרשטעהט זיך, אַלע מאל געווען ענג פאַרבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פון דעם מענשלאַכן געדאַנק בכלל. אין די ווייטערדיגע יארן פון דעם מיטל-אַלטער זיינען די באַדינגונגען פאַר בילדונג און אויך, הייסט דאס פאַר דאס בוך געווען זעהר ניט גינסטיג. ס'איז געווען די צייט פון פרי-צים און פויערים, פון אייניציגע הערשער און פון מאַסן קנעכט. האט דען געקאנט דער פויערשער געדאַנק דאַן עפּעס אַ טראַכט טאן, אַז בסך-הכל איז דער פויער געווען אינגאַנצן אפּגעגעבן מיט זיין גאַנצן האב מיט זיין גאַנצער הארעוואניע, מיט זיין גאַנצע פרייע צייט, דעם פריץ? שטעט און גרויסע שטעט זיינען דאַן אין אייראָפּע געווען וועניג. אין דערפער האבן די מענשן געוואוינט, די דערפער זיינען געווען ווייט אפּגעזונדערט איינע פון די אַנדערע. זעלטן ווען מ'פלעגט זיך זעהן מיט אַ פרישן מענשן, זעלטן ווען ס'האט זיך דערטראָגן אַ נייער צאַפּלדיגער געדאַנק. דער שווערער יאָך פון אַרבעט האט דערוואָרגן, דערשלאגן דעם געדאַנק.

אין יענע חשכ'דיגע צייטן, ווען דער גרויסער עולם איז געווען זעהר אפּגעשטאַנען, האט זיך די שרייב-קונסט געפונען אינגאַנצן אין די הענט פון די גייסטלאַכע. אַפילו די מיוחסים, די ריטער און די פירשטן-הערשער האבן אויך ס'רוב ניט געקאנט לייענען און שרייבן: ס'זיינען דא דאקומענטן פון יענע צייטן, אויף וועלכע ס'איז אנשטאט אַ קיניגלאַכע חתימה אנגעשריבן געווארן אַ איינפאַכער צלם... עס האט זיך אויך געטראָפן, אַז די גרעסטע טייל פון די גייסטלאַכע און אַפילו, במחילה, די יעפּיסקאָפּן האבן זיך ניט געקאנט אונטער'חתמ'ענען. אינטערעסאַנט איז אנווייזן, אַז אַפילו די פּאעטן פון דעם אנהויב פון מיטלאַלטער, זיינען אויך געווען אַן-אלף-בית'ניקעס, און, אַז עמיצער פון זיי האט געוואלט פאַרשרייבן זיינע לידער, האט ער געמוזט דינגען אַ שרייבער...

וואוילקענעוודיגע מענשן, וועלכע זיינען נויטיג געווען, כדי אנצופירן מיט דער לאַנד, האט מען דעריבער דאַן הויך געשעצט. אין ענגלאַנד האט מען אַפילו פון טויט-אורטייל באַפרייט, אויב דער פאַר'משפּט'ער איז געווען אַ וואוילקענעוודיגער.

דאס בוך איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דעם וועלטלאַכן לעבן און פאַרבליבן אין דעם קלויסטער-לעבן. די קירכע האָט אין מיטלאַלטער ברייט אויסגעשפּרייט אירע פליגלען און אַריינגענומען די גאַנצע מאַכט אין אירע הענט. די פאָרשטעהער פון דער קירכע, די מאָנאַכן, האָבן אויך די פאָלק-בילדונג גענומען אין זייערע הענט. זיי פלעגן איינאָרדנען שולען, זיי האָבן אויך געשריבן די ביכער. זיי פלעגן איבערשרייבן אַלטע, אויך צונויפשטעלן נייע. דאָס זיינען געווען איבערהויפּט מוסר-ביכער. אין דעם גרעסטן טייל קלויסטערס זיינען געווען ספּעציעלע צימערן, וואו מ'פלעגט איבערשרייבן ביכער.

גאַנצע טעג און יאָרן פלעגן דאָרט די מאָנאַכן זיצן און איבערשרייבן. די אַרבעט פלעגן זיי צווישן זיך צעטיילען: איינציגע האָבן געשריבן, אַנדערע האָבן מגיה געווען און אויסגעבעסערט, דריטע האָבן געמאָלט. אַזאַ צעטיילונג פון אַרבעט האָט געהאַט אַ געוויסן דערפאָלג. אַז מיר ווען באַטראַכטן אַ פיין און פּונקטלאַך אויסגעמאָלטן מאַנוסקריפּט פון יענע צייטן, וועלן מיר זיך ניט וואונדערן, וואָס אָפטמאָל פלעגט אַזאַ אַרבעט געדויערן ניט איין יאָר. אַזוי, למשל, האָט דער איבערשרייבן פון איין פּאָעמע, וועלכע מ'וואָלט היינט געקאָנט אָפּדרוקן אין אַ דרוקעריי אין מאָנאַטערניש אין איין טאָג, אָפּגענומען דאַן ביי צוויי שרייבער גאַנצע פינף יאָר, אמת אויפן מאַנוסקריפּט געפינען זיך אויסגעמאָלטע בילדער.

אין הסכם מיט דעם דויער פון דער אַרבעט זיינען אויך געווען די פּרייזן פון די ביכער. אַ בוך האָט אָפּגעקאָסט אַ מטמון מיט געלט. מ'פלעגט עס דעריבער האַלטן טייער און אָפט צושמידן מיט קייטן צום וואַנט. „פאַר אַ געשריבענע ביבל האָט מען געצאָלט טויזנט רענדלאַך"—דערצעהלט אַ שרייבער: „נאָר רייכע מענשן האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען האָבן אַ בוך, און טאַקע נאָר צוליב זיי האָט מען עס געשריבן. דעם איינבונד פונם בוך פלעגט מען אָפט מאַכן פון סאַמעט און פון איידעלע מעטאַלן, וועלכע מ'פלעגט באַשיטן מיט טייערע שטיינער, די העקלאַך פלעגן געמאַכט ווערן פון גאָלד. פאַר אַזוינע ביכער פלעגט מען צאָלן מיט גאַנצע ריטערישע גיטער, אָדער נאָר פירשטן-הערשער פלעגן זיי קויפן."

די ביכער, וואָס מ'האָט געשריבן אין די קלויסטערס, זיינען געווען רעליגיעזע. פאַרנעמען זיך מיט וועלטלאַכע קענטעניש, מען האָט דאַן געהאַלטן פאַר אַ פּוסטע זאַך, אַפילו פאַר אַן עבירה. די גזירות פון דעם פּויבסט האָבן פאַרווערט די מאָנאַכן לייענען „די פיזיקאַלע ווערק" פון די אַלטע גריכן און רוימער. עס האָט געטראָפן, אַז מ'האָט פאַרווערט די מאָנאַכן צו פאַרנעמען זיך אַפילו מיט מעדיצין. פיל וויכטיגע ספרים פון די אוראַלטע שרייבער האָבן די מאָ-

באַכן דאָן מבֿער געווען און פֿאַרטיליגט. דאס לעבן איז אבער ניט געשטאַנען אויף איין ארט. הינטער די ווענט פֿונם קלויסטער איז עטוואס נייעס געשעהן.

אין דעם 13—14 יארהונדערט האט זיך דאס לעבן אין אייראָפּע שטאַרק געענדערט. פֿארגעקומען איז פֿאלגענדעס: דער פויער, וואס, האט הונדערטער יאר די שטאט אין די אויגן ניט געזעהן, איז אַרויס פֿון זיין פֿאַר'כישופֿ'טן קרייז, האט אנגעהויבן אַרומפֿארן, וואנדערן און זעהן די וועלט. ביז יענע צייטן האט ער די שטאט ניט באַדאַרפֿט, ער איז מיט איר געווען אַ קנאַפּער מחותן. וואס ער האט אויסגעאַרבעט האט אים נאר געקלעקט אויף פֿאדאַטקעס פֿאַר דעם פּריץ און פֿאַרן אייגענעם געברויך. ברויט פֿלעגט אויפֿגעגעסן ווערן אויפֿן ארט, ליין פֿלעגט געוועבט ווערן צוליב אייגענע בגדים, און אַזוי ווייטער. וואס דער מענש האט דאָן געשאַפֿן, איז פֿריהער פֿון אַלץ געווען אַ געגנשטאַנד פֿון אייגענעם געברויך, און ניט קיין סחורה צום פֿאַרקויף. אבער מיט דער צייט האבן זיך די מיטלען פֿון דער ערד-באַאַרבעטונג און פֿון אַנדערע מינים אַרבעט, מיט וועלכע דער פויער האט געהאַט צוטאָן, שטאַרק אויסגעבעסערט. דעמאלט האט מען אנגעהויבן באַאַרבעטן די ערד אין אַ גרעסערער מאס און מ'האט שוין געהאַט פּראדוקטן ניט נאר פֿאַר דעם ארטיגן געברויך, נאר אויך פֿאַרן אַרויספֿיר אין שטאט. דער פויער האט זיך גיכער איינגעקערט מיט זיין דאָרפֿישע אַרבעט, האט באַקומען פֿרייע צייט און האט געזוכט די שטאט, וואו ער האט געקאָנט באַקומען אַרבעט און פֿאַרדינען. די פּריצים האבן פֿאַרטריבן די פויערים פֿון דער ערד, כּדי פֿאַרגרעסערן די אייגענע נחלאות און באַקומען פֿון זיי וואס מער הכנסות. אין דעם צופֿאַל האט שוין דער פויער געזוכט די שטאט, אַלס דאס איינציג ארט, וואו ער האט געקאָנט ווי עס איז דורכלעבן זיך. אויף אַזאַ אופֿן איז געוואַקסן די שטאט און צוזאַמען מיט איר דער האַנדל. דער האַנדל האט זיך אויך אַריינגעריסן אין דאָרף, האט דארט איבערגעקערט אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ, האט איבערגעטאַשט די מענשן, אַרויסגעריסן זיי פֿון זייער געבוירט-ארט און פֿאַראייניגט מיט נאָך טויזנטער אַזוינע ווי זיי; האט זיי באַקאַנט געמאַכט מיט דער אויסערער ברייטערער וועלט, געמאַכט זיי מער אַנטוויקלט און געבילדעט.

די שטאט אַליין איז אויך אינגאַנצן פֿאַרענדערט געוואָרן: האַנדל און מלאכה האבן אויפֿגעקאכט, אויפֿגעברויזט דעם גאַנצן לעבן. לאַגערן פֿון סחורה, קאנטארן, בענק האבן איבערגעפֿילט און פֿאַרפּוצט די צענטראַלע גאַסן. די שטאט וואַקסט, ס'וואַקסט אויך דער פֿאַרקער צווישן מענשן, ס'איז נויטיג פּלאַץ, כּדי צונויפֿרעדן

זיך אויף ווייטע שטרעקעס. ס'איז נויטיג אַ צייטונג, כדי צו וויסן וואס טוט זיך אין פאַרשיידענע לענדער, אויף פאַרשיידענע מערק און יארידים. די בענק און די קאַנטארן נויטיגן זיך אין מענשן, וואס קאנען שרייבן און לייענען. ס'איז נויטיג בילדונג און אַנטוויקלונג. דאס נייע קאכיגע, רעש'דיגע לעבן רופט אַרויס דעם מענשן פון זיין לאַנגן מיטלאַלטערישן שלאף, ער טרייסלט פון זיך אפ די שפינוועבס, וואס האט איבער אים אויסגעוועבט די קירכע, און ער האט שוין אַ לעבעדיגן אינטערעס פאַר אַלץ, וואס איז שען, פאַר קונסט און בילדונג. דאַן זוכט מען אפ די פאַרגעסענע אוצרות פון אַמאל, מע זאַמלט און מע שרייבט איבער די ווערק פון די רוימישע און גריכישע קינסטלער, דאַן באַקומט דאס בוך דעם גרויסן גלאַנץ און חן פון אַמאל.

דורשטיג לייענען עס אַלע: סיי רייכע, סיי ארעמע; אַלע אינ־טערעסירן זיך מיט דעם, וואס עס טוט זיך אויף דער ווייסער וועלט. אין אַ בוך פון דעם 15-טן יארהונדערט שרייבט איינער: „ניטא קיין ברעג און קיין סוף צו די ביכער". אַנ'אַנדערער שרייבט: „יעדערער לייענט איצט און שרייבט, סיי תלמידי־חכמים, סיי עם־הארצים מאַכן ביכער, נעמען זיך פאר אַזוינע זאַכן, אין וועלכע זיי פאַרשטעהען גארנישט". ווי הונגעריגע ציהען זיך צו ברויט, אַזוי האבן די מענשן אויסגעצויגן די הענט נאכן בוך.

און ס'האט זיך געפונען אַ מענש, וועלכער האט געמאַכט אַזוי, אַז דאס בוך איז מיט אַמאל געפאַלן אין פרייז, האט זיך אנגעהויבן ווייט פאַרשפרייטן און מעכטיג ווירקן אויף דאס לעבן פון דער מענשהייט. דער דאזיגער וואונדערלאַכער כשוף-מאַכער איז געווען יאהאַן גוטנבערג, וועלכער האט אויסגעטראַכט דרוקעריי.

---

VIII

## די געשיכטע פון דער דרוק־מאַשין.

אין 1900 יאר דעם 24 יוני האבן הונדערטער שטעט ביי אונז און אין אויסלאַנד גע'יום־טוב'ט דעם 500־יאהריגן יובילעי פון דעם גרויסן גוטנבערג, און ס'איז געווען פאַרוואס.

מ'דערצעהלט, אַז בשעת גוטנבערג האט געבראַכט די מאדעל פון זיין דרוק-פרעס צו אַ טאקער, האט יענער, ניט וויסנדיג וואס דאס איז אַזוינס, געזאגט: „פעטער יאהאַן, איר באַשטעלט דאך ביי מיר אַ פרעס פאַר ווייַנטרויבן"! — „יא", — האט געענטפערט גוטנבערג.—

„אבער פון אונטער דעם דאזיגן פרעס וועט פליִיצן אַזאַ רייכער און וואונדערלעכער געטראַנק פאַר די דורשטיקע מענטשן וואָס האָט נאָך זיין גלייכן אויף דער וועלט ניט געהאַט". ער האָט קיין טעות ניט געהאַט. די פרייז פון בוך איז באַלד פינף מאָל ביליקער געוואָרן. אָט ווי איינער פון יענע צייטן, לויבנדיק אין הימל אַריין גוטנבערגן, זאָגט זיך אַרויס: „דאָס, וואָס מ'האָט פריִער געקאָנט באַגעגענען נאָר אין פרעכטיקע פּאַלאַצן, קאָן מען איצט געפינען אין אַ אָרים הייזל". געמיינט האָט ער, פאַרשטייט זיך, דאָס בוך.

נאָך ביז גוטנבערגן האָבן איינציקע איבערשרייבער געפּרוּווט דרוקן ביכער. זיי האָבן אויסגעשניצט אויף הילצערנע ברעטלאַך גאַנצע זייטלאַך. דעם אויבן-אויף פון די אותיות האָבן זיי באַדעקט מיט פאַרב, אויבן אַרויפגעלעגט אַ בויגן פּאַפּיר, צוגעדריקט אים. און אויף אַזאַ אופן האָבן זיי באַקומען די ווערטער אָפּגעדרוקט אויפן פּאַפּיר. דרוקן מיט אותיות אויסגעשניטענע אויף האָלץ, האָט אָבער לאַנג געדויערט, געקאָסט אַ סך מיה. פאַר יעדער זייטל האָט מען גע- דאַרפט באַזונדער אויסשניידן ברעטלאַך, ס'איז געווען אַזוי שווער, אַז קיינער האָט זיך מיט דעם ניט באַנוצט, פון דאַנען איז אָבער געווען ניט ווייט צו גוטנבערגס המצאה. פּונקט אַזוי, ווי אַמאָל איז דער מענטש אַריבער פון מאָלן גאַנצע ווערטער דורך בילדער צו מאָלן איינציקע קלאַנגען באַזונדער, אַזוי איז אויך איצט געבליבן צו צע- שניידן דעם אינהאַלט פון דער ברעט אויף אירע באַשטאַנד-טיילן, ד. ה. אויף אותיות, כדי נאָכדעם צונויפשטעלן פון די אותיות גאַנצע ווערטער. אינטערעסאַנט איז צו דערמאָנען, אַז נאָך די רוימער פלעגן, לערנענדיק מיט זייערע קינדער דעם אַלף-בית, באַנוצן זיך מיט טאָוועלאַך, אויף וועלכע ס'זיינען געווען אויסגעמאָלט אותיות פון די אותיות פלעגן זיי צונויפשטעלן ווערטער.

לויט די אָנווייזונג פון אַ כראָניק האָט גוטנבערג געמאַכט זיינע ערשטע דרוקעריי-פּרובן אין 1440 יאָר. צווישן די חורבות פון אַן אַלטן פאַרוואָרפענעם קלויסטער נעבן דער שטאָט סטראַסבורג האָט גוטנבערג איינגעאָרדנט זיין וואַרשטאַט. דאָרט אין זיין שטילן רויִקן קלויסטער-ווינקעלע האָט ער זיך אָפּגעגעבן זיין הייליקן טרוים, געאַרבעט אָן אויפהער, געאַרבעט און געשניצט באַוועגלעכע אותיות; דאָרט האָט זיך פאַרענדיקט דער ע ר ש ט ע ר דרוק-פּרעס, וועלכער איז געווען אומגעלומפּערט אויפן אָנבליק, אָבער גרויסאַרטיק לויט דעם געדאַנק, וואָס איז געווען אין אים פאַרבאָרגן.

„איינער אַליין זיצט גוטנבערג אין זיין צימער. ביי אים זיינען שוין אויסגעשניטן פון האָלץ קליינינקע הילצערנע קלעצעלאַך פּונקט אַזוי פיל, וויפיל אותיות עס איז דאָ אין אַלף-בית. אויף יעדער

קלעצעלע איז אויסגעשניטן אַ בולט'ער אות; די אַלע קלעצעלאַך האט ער אויסגעשטעלט אין אַ שורה, איינע נעבן די אַנדערע אויף אַזאַ אופן, אַז די אותיות זאלן געהן אין איין ליניע, ביי די זייטן פון יעדן קלעצעלע האט ער דורגעמאַכט אַ לעכעלע, דורך די לעכעלאַך האט ער דורכגעצויגן אַ פאדים, וועלכע האט צוגעדריקט פעסט איין קלעצעלע צום אַנדערן: די פעדים האבן זיי ניט געלאזט פאַנאַנדערגעהן זיך".

„קוים, קוים איינהאַלטנדיג זיין אויפגערעגטקייט, באַדעקט גוטנבערג די אותיות מיט פארב, לעגט אויף זיי אַרויף אַ בייגן פאַפיר און פארזיכטיג דריקט ער עס פון אויבן צו. באַלד נעמט ער אַראָפּ דאס פאַפיר און צו זיין גרויסער פרייד זעהט ער, אַז אויפן פאַפיר איז אפגעדרוקט דער גאַנצער אלף-בית... אַ הערליך-שענער מאמענט... אַ וואונדערלאַכער נייס איז געשאַפן געווארן פאַר דער גאַנצער מענשהייט! איצט האט גוטנבערג דערגרייכט דאס, וועגן וואס ער האט אַזוי לאַנג געטרוימט: ער ווייסט שוין דעם סוד, ווי אַזוי צו דרוקן ביכער! איצט באַדאַרף מען נאר אנשניידן באַוועגלאַכע אותיות, און דרוק זיך דיר וואס פאַר אַ בוך דו ווילסט... איצט קאָן מען אויך לייכט פאַרריכטן אַ גרייז, וועלכער איז געמאַכט, בעת'ן אנזעצן די אותיות: מ'דאַרף נאר אַרויסנעמען דעם ניט ריכטיגן אות און אויף זיין ארט אַריינשטעלן דעם געהעריגן. (א. באכטיאראוו, די ביאגראַפיע פון גוטנבערגן).

אין הונדערט יאר אַרום איז די געביידע, אין וועלכער גוטנבערג האט געאַרבעט איבער זיין המצאה, צעשטערט געווארן און אויף איר ארט שטעהט אַ איינפאַכער דענקמאל מיט אַ קורצער אויפשריפט: „דא, אויף דעם גרינעם בערגל, איז די בוך-דרוקעריי געפונען געווארן, און פון דאַנען האט זיך ליכט צעגאסן איבער דער גאַנצער וועלט".

ס'וואלט אבער געווען אַ טעות ווען איר וואלט געמיינט, אַז גוטנבערגס איינפאַל איז באַשטאַנען נאר אין דעם, וואס ער האט צוגעטראַכט אויסשניידן באַזונדערע הילצערנע אותיות. ווי מיר האבן שוין געזאגט, האט ער אויך צוגעטראַכט דעם דרוק-פרעס, וועלכן ער האט געמאַכט לויט דעם פארם פון אַ וויין-פרעס און האט עס פאַרפאלקאמט. די אויבערשטע באַוועגלאַכע ברעט פון פרעס האט גלייכמאסיג צוגעדריקט דעם בייגן פאַפיר צו דעם אנגעזעצטן שריפט, וועלכער איז געלעגן איינגעפונדעוועט און אומבאַוועגלאַך אויף דער אונטערשטער ברעט; ביי אַזאַ איינארדנונג האבן זיך די אותיות געדרוקט גיכער און בעסער, ווי בעת'ן פריהעריגן דרוקן, ווען דעם בייגן פאַפיר פלעגט מען צודריקן מיט אַזוינע קישעלאַך. גוטנבערג

האט אויך פאראויסגעזעהן, אַז די הילצערנע אותיות וועלן זיך גיך אפּרייבּן, און דעריבּער וועלן זיי ניט טויגן צום דרוקן. ער האט דעריבּער צוגעטראַכט אפּריהער אויסשניידן די אותיות אויף מעטאַל אין דערנאָך איינפּרעסן זיי אין אַן אַנדערן, אַ צעשמאלצענעם מעטאַל; ווען די צעשמאלצענע מאַסע האט זיך אפּגעקילט, האט זיך אין איר בּאַקומען אַ קלארער אפּדרוק פון דעם אות, און אין דער דאזיגער פארם האט מען געקאנט אויסגיסן נייע ליטערעס (אַזוי אייגנטלאַך רופן זיך די קלעצעלאַך מיט די בּולט'ע אותיות). גוטנבּערגס אַ טע־טיגער מיטאַרבּעטער, אַ קונציגער צייכנער און אַ מעכאַניקער, שעפער, האט אויסגעבּעסערט דעם אופן ווי אַזוי אויסצוגיסן די ליטערן. ער האט אנגעהויבּן מאַכן פּונסאנעס (אַזוי רופט זיך אַ שטעמפּל מיט אַ בּולט-אויסגעשניטענעם אות) פון שטאל, דערבּיי איז געווארן מעגלאַך פּשוט אַריינשלאָגן די ליטערעס אין מעש און בּאַקומען אויף דעם די פארם פון אות (די אַזוי גערופענע „מאַטריץ”). אַז מיר וועלן נאכדעם צו אַ פּירקאַנטיגע שטאלענע טרייבּל פעסט צושטעלן פון איין זייט די מאטריץ און פון דער צווייטער וועלן מיר אריינגיסן אַ בּאַשטימטע מעטאַל-צעשמעלצונג, וועט די צעשמעלצונג אין עט־לאַכע סעקונדעס אַרום אפּגעקילט ווערן און וועט אנפילן די אַלע פאַרטיפונגען פון דער מאַטריץ — אויף אַזאַ אופן וועט אויסגעגאסן ווערן אַ רעליעפע ליטערע.

אפּגעדרוקט עטלאַכע קליינע ווערק, האט גוטנבּערג אין 1450 יאר אנגעהויבּן דרוקן די בּיבּל. אין 5 יאר אַרום האט ער זי פאַר־ענדיגט. די אנפאַנג-אותיות זיינען געוועזן ניט געדרוקט, נאר לויט דעם אַלטן מנהג, קונציג אויסגעמאלט. פון דעם דאזיגן אינטערעסאַנטן בּוך איז פאַרבּליבּן נאר 16 עקזעמפּליארן, פאַר וועלכע מ'צאלט היינט גרויסע געלט. ערשט ניט לאַנג האט מען אין לאנדאן פאַרקויפט אַזאַ בּיבּל פאַר 39,000 רובּל.

די בּוכדרוקעריי האט זיך זעהר גיך פאַרשפּרייט אין אַלע ציוויליזירטע לענדער פון אייראפּע. די ערשטע צייט האט מען אויף דעם געקוקט מיט חשד. מ'האט עס געהאַלטן פאַר אַ „שוואַרצע קונץ”. איינער אַ מיטאַרבּעטער פון גוטנבּערגן, פוסט, וועלכער האט גע־בּראַכט אין פאַריז פאַרקויפן די אפּגעדרוקטע בּיכער האט שיעור ניט בּאצאלט מיטן לעבּן: מ'האט אויף אים געקוקט ווי אויף אַ „שותף פון דער סיטרא—אחרא”, אַזוי משונה האט אויסגעזעהן דאס אפּגע־דרוקטע בּוך. אַ סך רדיפות האבּן אויסגעטראָגן אויף זיך די ערשטע דרוקער, פיל איז זיי אויסגעקומען אויסצושטעהן. דער מענש בּאַגעגנט שטענדיג יעדער נייס מיט אומצוטרוי, מיט אַ שפּאט-שמייכל. און

יעדער נייער געדאַנק מאַכט שטענדיג דורך זיין וועג איבער קרבנות, דורך טרערן און ליידן.

באַלד 500 יאר איז דורכגעגאַנגען זינט מ'האט אויסגעטראַכט בוכדרוקעריי. פאַר דער צייט האט זיך די דרוק-קונסט מורא'דיג ברייט אַנטוויקלט און ווייט פאַרשפרייט; געגנוג אנצווייזן אַזאַ ביישפיל: די ערשטע ביבל האט געדויערט דרוקן פינף יאר, בשעת אין אונזערע צייטן איז געוועזן אַ צופאַל, ווען מ'האט פאַר איין טאג די גאַנצע ביבל אויסגעזעצט, אפגעדרוקט און איינגעבונדן! אַזוי גיך דרוקן איז איצט מעגלאַך, נאר אַ דאַנק דער צעטיילונג פון דער אַרבעט און די נייע מאַשינעס, וועגן וועלכע גוטנבערג האט אפילו קיין השגה ניט געהאט. די ערשטע דרוקער האבן אַליין געגרייט די פאַרב, אַליין אויסגעשניטן די אותיות — איצט ווערט די פאַרב געמאַכט אין ספעציעלע פאַבריקן, די אותיות גיסט מען אויס אין שריפט-גיסערייען, אַזוי, אַז אין דרוקעריי קומט אַלץ אן פאַרטיגערהייט.

יעדע ליטערע, איידער זי קומט אן אין דרוקעריי, געהט זי דורך אין דער שריפט-גיסעריי דורך פיל-הענט: דער צייכנער מאָלט זי אויס, דער פונסירער קריצט זי אויף אַ שטעמפל, דער יוסטירער מאַכט די מאַטריץ, דער שמעלצער מאַכט פאַרטיג דרוק-מעטאַל, דער שריפט-גיסער גיסט עס אויס, דער אפברעכער ברעכט אפ פון דעם ליטער אַלץ, וואס איבריג, דער שלייפער שלייפט נאר, דער זעצער זעצט אין ווינקל. דארט וועלן די ליטערעס שטעהן הארט איינע נעבן די אַנדערע, דער באַאַרבעטער וועט זיי אויסגלייכן, דער בראַקירער וועט אַרויסוואַרפן די שלעכטע ליטערעס און ערשט דאן וועט דער פאַקער פאַרפאַקן די ליטערעס אין פעקלאַך... און אט די דאזיגע פעקלאַך וועלן זיך צוגעהן אין די דרוקערייען.

אַז איר וועט אַריינקוקן אין אַ דרוקעריי, וועט איר זעהן וויפיל הענט הארעווען צו שאַפן דאס בוך. ראשית דער זעצער, האַלטנדיג אין דער לינקער האַנט דעם ווינקל, — אַזאַ מין שמאלינקע מעטאַלענע ליניע, — און, ניט אפווענדענדיג דאס אויג פון מאַנוסקריפט, נעמט ער אַרויס ליטערן פון דער שריפט-קאַסע (אין דער שריפט-קאַסע געפינען זיך די ליטערן, פאַר יעדער ליטער אַ באַזונדער אפטיילונג) און אַן אות נאך אַן אות זעצט ער אין דעם ווינקל ווערטער, אַזוי ווי מען שנירעוועט אן פערל אויף אַ פאדים. געוועהנלאַך, זעצן אַ בוך עטלאַכע זעצער מיט אַמאל, יעדערער זעצט אַ טייל פון דעם בוך און דעריבער געהט די אַרבעט זעהר גיך. פון דעם זעצער געהט די אנגעזעצטע טייל פון מאַנוסקריפט אַריבער צום „מעטראנפאַזש", וועלכער פאַראייניגט די אַרבעט פון אַלע זעצער אינאיינעם און צו-

טיילט נאכדעם דעם זאַץ גלייכמאָס'ג אויף זייטלאַך. אַז דאָס איז שוין אָפגעטאָן געוואָרן, טראָגט אַפּ דער מעטראַנפּאַזש דעם זאַץ צו דעם פּרעס-דרוקער, וועלכער גרייט צו די ערשטע פּראָבע-אָפּצוג, כדי צו זעהן, אויב עס האָט זיך אין זאַץ ניט אַריינגעגנב'עט קיין פעלער. די פּראָבע-אָפּצוג טראָגט מען אַוועק צום קאָרעקטאָר. דער לעצטער זיצט פון פריה ביז אָוונט נעבן זיין טיש און, דורכלויפנדיג מיט די אויגן די אומגעלומפּערטע בויגנס, צייכנט ער אָן מיט אַזוינע באַזונדערע תנאי-סמנים יעדער פעלער. לויט דעם אויסגעבעסערטן אָפּצוג ווערט אויסגעבעסערט אויך דער זאַץ: דער זעצער נעמט אַרויס, דאָרט וואו ס'זיינען אָנגעוויזן דורך דעם קאָרעקטאָרס תנאי-סמנים, די פאַרגרייזטע אותיות און שטעלט אַריין אַנדערע. נאָכן אויסבעסערן קומט אָן דער זאַץ אין דער מאַשין-אָפּטיילונג. דאָ וואַרטן שוין קופּעס פּאַפּיר. דאַן הויבט זיך אָן די אַרבייט פון דער מאַשין, וועלכע ווערט באַוועגט מיטן כח פון דאַמף אָדער עלעקטרע, און אַרבעט דעריבער זעהר גיך. דעם זאַץ, וועלכער איז איינגעפעסטיגט אין אַן אייזערנער ראַם, לעגט מען אַרויף אויף אַ „פּלאַצפאָרם”, וואָס באַוועגט זיך הין און צוריק; בעת עס רוקט זיך אַרויס, באַדעקן באַזונדערע וואַלצן די ליטערן מיט פאַרב, נאָכדעם קייקלט זיך עס אונטער איינאיינעם מיטן זאַץ אונטער אַ צילינדער, אויף וועלכן ס'באַוועגט זיך אַ בויגן וויס פּאַפּיר. די שריפט דרוקט זיך אָפּ אויפן פּאַפּיר און קוילערט זיך נאָכדעם אַוועק איינאיינעם מיט דער „פּלאַצפאָרם” צוריק; דער אָפּצוג, וואָס האָט זיך באַקומען אויפן פּאַפּיר, געהט אַוועק אויף אַזאַ מין טאַשמע און קומט אָן פון מאַשין אויפן טיש פון דעם „צונעמער”. אויף דער מאַשין גיט כסדר אַכטונג אַ מענש, וועלכער געפינט זיך שטענדיג נעבן איר.

אָפּגעדרוקט דעם מאַנוסקריפּט, פאַרפּאַקט מען די געדרוקטע בויגנס אין פעק. אויף דעם איז דאָ אַ ספּעציעלער מענש, אַ „פּרעסער”, ער איז אויך דער „צעהלער”. דאָס אָפּגעדרוקטע אין דרוקעריי געהט אַריבער אין דער בראָשור-אָפּטיילונג, אויף די טישן, אויף דער ערד, אין די ווינקלאַך — אומעטום ליגן דאָ קופּעס מיט געדרוקטע פּאַפּיר; דער „אויפהויבער” איז זיך מתעסק און ברייגנט די קופּעס אין אָרדנונג, ווייזט אָן יעדער בויגן זיין געהעריגן אָרט די גרויסע דרוק-בויגנס ווערן צונויפגעלעגט אין 2, 4 און מער בלעטער, (ס'ווענדט זיך אָן די גרויס פון די זייטלאַך). די אַרבעט פאָדערט ניט קיין גרויס קראַפט, נאָר געשיקטקייט, און דעריבער פאַרנעמען זיך מיט דעם איבערהויפּט פרויען (אַזוי גערופענע „פאַלצירערינס”). ענדלאַך קומען אָן די צונויפגעלעגטע בויגנס צום „בראָשורירער”, וועלכער געהט זיי צונויף אין אַ בוך; נאָכדעם וויקלט מען עס אַרום אין אַ

קאלירט „העמדל״, אין אַ „הילע״, און עלעגאַנט פּאַרפּוצט געהט עס אַ וועק שפּאַצירן איבער דער גאַרער וועלט.

ווי מיר האבן אַלזא געזעהן געהט דורך דאס בוך שבעה מדורי גיהינום ביז ס׳קומט אָן צו אונז אין די הענט. מיר מוזן זיך נאָך אפּשטעלן אַ ווײַלע אויף יענע מערקווירדיגע מאַשינעס, וועלכע שטופּן אַרויס פון דרוקערײַ ביסלאַכווײַז די האַנט־אַרבעט, ווײַל זיי אַרבעטן בעסער און גיכער. נאָך אין 1896 יאר האט איינע פון די פּאַר־שפּרייטסטע צייטונגען אין אַמעריקע איינגעשטעלט בײַ זיך אין דרוקערײַ אַ שנעל־דרוקענדיגע מאַשין: די מאַשין דרוקט 90,000 אפּצוגן אין אַ שעה, ס׳מאַכט אויס 25 עקזעמפּליאַרן אין איין סע־קונדע! „אין דעם משך צייט, וואס אַ מענש קאן קוים אויסרעדן: „איינס, צוויי, דריי״, דרוקט די מאַשין אפּ 25 עקזעמפּליארן, לעגט זיי אַליין צונויף און צעהלט זיי איבער. באַטראַכטנדיג די מאַשין, איז שווער צו גלויבן, אַז דער דאזיגער שנעל־דרוקער איז אַן אייניקל פון גוטנבערגס אומגעלומפּערטן דרוק־פּרעס. נאכדעם, אַז מ׳האט אויסגעטראַכט א מאַשין, וואס פּאַרקירצט דעם דויער פון דעם דרוקן, האט מען צוגעטראַכט אַ זעץ־מאַשין, וועלכע זעצט אַכט מאָל שנעלער, ווי די האַנט פון ד׳עם זעצער. נעבן אט דער מאַשין זיצט דער זעצער, ווי נעבן אַ פּיאנע, און, ווי אַ פּיאַניסט, קלייבט ער איבער מיט די פינגער די קלאַווישן. נאָך יעדער אנרירן פון זיין פינגער, שפּרינגען אַרויס אַזוי, ווי דורך אַ כּישוף, ליטערן־אותיות, שטעלן זיך אויס אין דער ריי...ע, בילדן ווערטער און פראזן. אז אַ שורה איז אנגעזעצט, באַקומט דער זעצער אַ מעלדונג וועגן דעם דורך אַ קלונג פון אַ גלעקל; דאַן איז גענוג נאר אַ דריק צו טאָן אַ הענטל און די גאַנצע ראטע פון דער „בלייערנער אַרמיי״ רירט זיך פון ארט און געהט אַוועק אין יענער טייל פון דער מאַשין, וואו זי ווערט באַדעקט מיט צעשמאָלצענעם דרוק־מעטאַל, און אויף אַזאַ אופן באַקומט זיך די ערשטע שורה פונם זאַץ. די אַרבעט געהט אזוי פלינק, אז אין א משך פון ניין שעה גיט ארויס די מאשין 70,000 זאַץ־אותיות, אין דער צייט, ווען א גוטער זעצער זעצט אויס מיטן האנט נאר 9000!

אט צו וואס פאר א מדרגה עס האט דערגרייכט די אויס־בעסערונג פון גוטנבערגס מאַשין.

---

IX

## דער גורל פֿון דעם בוך בײַ ייִדן.

זעהר פֿריה האָט זיך די שריפֿט-קונסט אַנטוויקלט בײַ די העברעער. שוין בײַ די ערשטע מלכים, בײַ דוד המלך און שלמה המלך זײַנען געווען סופֿרים, וואָס פֿלעגן פֿירן כראָניקעס, פֿאַר-שרייבן אין „דברי-הימים" פֿון קיסר אַלע וויכטיגע געשעהענישן פֿון לעבן און מלחמה, אויך דאָס, וואָס ס'האָט געהאַט אַ שייכות צום לעבן פֿון דעם מלך. דאָס לעבן פֿון פֿאָלק האָט זיך אָפּגע-שפּיגלט אין אָט די היסטאָרישע כראָניקעס, איבערהויפּט אָבער אין דעם תנ"ך, וועלכער באַשטעהט פֿון רעליגיעזע, היסטאָרישע און אַנדערע ספֿרים.

די דאָזיגע ספֿרים האָבן זיך געפֿונען פֿריהער אין די הענט פֿון די כּהנים, דערנאָך—פֿון די נביאים, און צולעצט—אין די הענט פֿון די אַמאָליגע געלערנטע. דאָס פֿאָלק האָט, ווי בײַ אַלע אַנ-דערע פֿעלקער, ניט געקאָנט לייענען און שרייבן און פֿלעגט נאַ-טירלאַך מוזן אָנקומען צו די געלערנטע, וואָס זײַנען געשטאַנען נעבן די טויערן פֿון חכמה און תורה. די כּהנים האָבן עס אויס-גענוצט און פֿאַרשטאַרקט זייער מאַכט איבערן פֿאָלק.

אין עזרא'ס צייטן האָט זיך דאָס פֿאָלק באַפֿרייט פֿון די כּהנים'ס מאַכט. די הייליגע ביכער זײַנען פֿון דעמאָלט אָן געוואָרן פֿאַרשפּרייטער צווישן דעם פֿאָלק. אָבער נאָכן חורבן בית-שני, באַזונדער אײַנגם אָנהויב פֿון דעם מיטלאַלטער, האָט זיך דער קולטורעלער צושטאַנד פֿון פֿאָלק אַראָפּגעלאָזט זעהר נידריג. דאָס איבערגעשריבענע בוך איז, ווי מיר האָבן שוין גערעדט, געווען פֿאַרן מאַסן-מענטשן צו טייער; ער האָט עס קיין מאָל ניט געקאָנט קויפֿן. ס'איז אָבער פֿאַר דאָס פֿאָלק געשטאַנען נאָך אַ וואַנט, וואָס האָט אים אָפּגעטיילט פֿון בוך. דאָס פֿאָלק האָט אין יענע צייטן אויפֿגעהערט פֿאַרשטיין די שפּראַך, אויף וועלכע דער ייִדישער מחבר האָט געשריבן זײַן בוך. די העברעאישע שפּראַך איז אַלץ מער און מער פֿאַרגעסן געוואָרן. גערעדט האָט דאָס פֿאָלק אַפֿרי-הער אויף פֿאַרשיידענע אייראָפּעאישע שפּראַכן, נאָכדעם פֿון דעם 14-טן און 15-טן יאָרהונדערט אויף ייִדיש. די ייִדישע געבילדעטע האָבן זיך ע"פּי רוב ניט גערעכנט מיט דער שפּראַך פֿון פֿאָלק, און האָבן געשריבן אויף לשון-קודש, אויף אַזאַ אופֿן איז פֿאַרן ייִדישן המון געשאַפֿן געוואָרן אַ צווייענדיגע שטערעניש אויפֿן וועג צו בילדונג.

דער דורשט צו לייענען ביכער איז אבער ביי יידן געווען ניט קלענער, ווי ביי אַנדערע, און, אַז יאָהאַן גוטענבערג האָט דערפונען די דרוק-קונסט האָבן אין גיכן אָנגעהויבן דערשיינען ביכער אויף יידיש. אַליין די יידישע שפּראַך האָט זיך אויך אַנ-געהויבן אַנטוויקלען. דער צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור איז געווען אייגנצייטיג דייטשלאַנד און פּוילן. אין דייטשלאַנד פלעגן די אַרויסגעבער זיין אויך די מוכר-ספרים׳ניקעס, אָדער, ווי מ׳האָט עס גערופן: „פּאַקן-טרעגער" — זיי פלעגן דרוקן און אויך פאַנאַנדערפירן די ביכער. געדרוקט האָט מען שענע דייטשע מעשיות מיט יידישע ווערטער. דער וועלטלאַכער אינהאַלט פון די מעשיות איז אָבער ניט געפעלן געווען די רבנים און אנפירער פון פאלק, זיי האָבן זיך דעריבער גענומען דרוקן ביכער אויף פּראָסט יידיש מיט אמונת- און מוסר-אינהאַלט, כדי אַרויסצושטויסן די וועלטלאַכע ביכער. אין 1530 יאָר האָט זיך אין פּוילן אין דער שטאָט קראָקאָוו געגרינדעט די ערשטע יידישע דרוקעריי. נאָך דעם האָבן זיך געעפנט יידישע דרוקערייען אין פיל אַנדערע ערטער. אין די דאָזיגע דרוקערייען האָט מען געדרוקט פיל אַלטע און נייע ביכער, צווישן זיי אויך פיל ביכער אויף יידיש.

אין 1608 יאָר האָט זיך אפגעדרוקט דער „צאינה-וראינה", אַ בוך פאַר יידישע פרויען, וועלכער איז געוואָרן דאָס באַליבסטע פאלק-בוך. מיט זעקס יאָר פריהער איז געווען אָפּגעדרוקט דאָס „מעשה-בוך", וואָס איז שטאַרק באַליבט געווען פון פאלק. אין ס׳דאָזיגן בוך זיינען אַריין 300 לעגענדעס און מעשיות. די לע-גענדעס פון תלמוד און פון מדרש זיינען דאָ קונציג געקניפּט און געבונדן מיט דער ניט יידישער לעגענדע. די פאַנטאַזיע פון דעם מחבר האָט אַ העלד, אַ ריטער, געקרוינט מיט דער קרוין פון אַ רב, אַ פירסט געמאַכט פאַר אַ צדיק. אויסער די זיינען אַרויס אַ סך אַנ-דערע ביכער, וועלכע האָבן געשטילט דעם דאָרשט פון פשוט׳ן המון נאָך וויסנשאַפט און בילדונג.

אין דעם גרויסן יידישן צענטער, אין פּוילן, זיינען אין דעם 17-טן יאָרהונדערט אויפגעשטאַנען פאַר די יידן שלעכטע צייטן. באַגדאַן כמעלניצקיס גזרות און רדיפות האָבן צעטומלט דעם גע-דאַנק, דערשלאָגן דאָס האַרץ פון דעם מאַסן-יידן. דאָס בוך רעדט אין יענע צייטן מיט דער פאלק-שפּראַך, מיט קינות, תחינות און יאָמער: „איר ליבע פריינט לאָזט אונז וויינען און קלאָגן אויף די גזרות, וואָס זיינען געשעהן אין אונזערע טאָגן".

אין 17 און 18 יאָרהונדערט האָבן די יידן אין דייטשלאַנד זיך אויסגעמישט מיט דער אַרומיגער באַפעלקערונג און האָבן

